# די בריק

די פרי-הארבסטיקע פעלדער אפנ וועג צום דערפל זײַנענ געווענ געדיכט פארזייט מיט מינעס אונ ארומגעצאמט מיט שטעכיקנ דראָט. דער קלייִנער גוואַרדייִשער טייל, וועלכער האָט זיך באנאכט דערנעענטערט צו די דראָט-פארצוימונגענ, האָט געהאט א באפעל: ארויסיאָגנ דעם סוינע פונעם וויכטיקנ פונקט.

דער קאָמאנדיר פונ טייל האָט אָפגערופנ אָנ א זײַט דעם געניטנ סאפיאָר נאָכעם פרידמאנ אונ אָנגעוויזנ אפ די מינירטע פעלדער:

— אינ דרײַ שאָ ארום מוזנ מיר אטאקירנ דאָס דאָרפ. איצט איז איינ אונ צוואנציק פינפ אונ פערציק.

— נול פינפ אונ פערציק, כאוועד קאָמאנדיר, — האָט נאָכעם ווי שטענדיק רויִק געענטפערט, — וועט דער וועג צום דאָרפ זײַנ פרײַ.

אינ עטלעכע מינוט ארום איז פרידמאנ שוינ געווענ הארט בא די שטעכיקע דראָט-פארצוימונגענ. ער איז געלעגנ אפ דער קילער פרי-הארבסטיקער ערד אונ געווארט, ביז די לעוואָנע וועט ווידער פארשווינדנ אינ די וואָלקנס.

די רעגעס האָבנ זיך איצט געצויגנ מעשונע לאנג. נאָכעם האָט א פאָר מאָל זיך צוגעלייגט מיטנ אויער צו דער ערד אונ זיך אײַנגעהערט. אפ דער ערד איז געווענ שטיל. די לויכטנדע ווײַזערס פונ זײַנ האנט-זייגערל זײַנענ שוינ געשטאנענ אפ צענ. אויב דער סוינע וועט אים ניט באמערקנ, וועט נאָך די שטילקײַט דאָ דויערנ צוויי שאָ מיט פינפ אונ פערציק מינוט. קנאפע דרײַ שאָ וועט זיך נאָך ציִענ אָט די שווערע פארטײַעטע שטילקײַט, אונ נאָכדעם...

קוים איז געוואָרנ עטוואָס טינקעלער, איז נאָכעם צוגעטראָטנ פאנאנדערשנײַדנ די שטעכיקע דראָטנ. פלינק אונ געניט האָט ער געארבעט מיט דער שער, אונ אז די לעוואָנע האָט זיך ווידעראמאָל באוויזנ פונ הינטער די וואָלקנס, איז ער שוינ געווענ אפ יענער זײַט פארצוימונג, ער איז געשטאנענ בא דער שוועל פונעם מינירטנ פעלד, באם קוואל פונ טויט.

פֿאָרזיכטיק ארויסגעשלעפּט פֿון דער ערד די ערשטע מינע, איז ער מיט א מער זיכערן טראָט אוועק איבערן פֿעלד. פֿונדא-נענ ביזן דערפֿל איז געווען קנאַפּע צוויי קילאָמעטער. נאָכ יעדנ טראָט, וואָס ער האָט דאָ געשטעלט, האָט נאָכגעשפּירט דער טויט. פֿונ אלע זײַטנ האָט ער אַף אים געלויערט, די ערד, אַף וועלכער ער, נאָכעם פֿרידמאַנ, איז געבוירנ, איז איצט געווענ זײַנ סוינע. א צײַטווײַליקער סוינע איז זי אים געווענ, די ערד, פּונקט ווי בא א סאָלדאט אַפֿנ שלאַכט-פֿעלד ווערט פּלוצעם א סוינע די אייגענע פֿארווונדעטע האנט, מיט וועלכער ער קאָנ מער ניט שיסנ. אונ יעדער שפּאַנ ערד, וואָס איז געבליבנ הינטער אים, איז אים צו-ריק געוואָרנ טײַער, ווי ס'איז טײַער בא א סאָלדאט די אויסגע-היילטע האנט. טראָט נאָכ טראָט האָט ער אינ דעם מינירטנ פֿעלד דורכגעשניטנ א וועג, א שמאָלנ וועג, פֿונ וועלכנ מע טאָר ניט אָפּקערעווענ ניט לינקס, ניט רעכטס, ווי ס'טאָר א צונג ניט אָפּקע-רעווענ פֿונ די רעלסנ.

אומגעריכט האָט ער זיך אָנגעשטויסנ אַף א מינע פֿונ עפּעס אַנ אומבאַקאַנטער קאָנסטרוקציע. פֿרידמאַנ איז געבליבנ שטיינ. די צײַט איז בא אים געווענ אויסגערעכנט ביז א רגע. ער האָט געמוזט גיכ אַנטשיידנ. אָפּראַמענ די אומבאַקאַנטע מינע פֿונ וועג קאָנ אָפּנעמענ צופֿיל צײַט. אונ טאָמער רײַסט זי זיך פּלוצעם אויף? נאָכעם איז אָפּגעטראָטנ אַף צוריק. ביזנ דאָרף איז נאָכ געבליבנ א רעכטע שטרעקע. די צײַט איז ניט געשטאַנענ. ער האָט בא-טראַכט די מינע, געקלערט, געכעזשבנט. נאָר קיינ מיטל אַף זי צו באַזײַטיקנ האָט ער נאָכ אַלצ ניט געפֿונענ. זי אויפֿרײַסנ? מיט דעמ וועט ער ארויסגעבנ דעמ סוינע אַי זיך אַי זײַנע כאַווײרים.

— צי דענ איז ניטאָ קיינ אויסוועג?

ער האָט געשווינד אראָפּגעוואָרפֿנ פֿונ זיך דעמ שינעל, האָט מיט אים אײַנגעדעקט די מינע, אונ ווי איבער א טיפֿנ טהאָמ איז ער אריבערגעשפּרונגענ איבערנ צעשפּרייטנ שינעל. ער האָט זיך געלאָזנ צום דאָרף אונ די גאַנצע צײַט ניט אויפֿגעהערט זוכנ אַנ אויסוועג, וויאַזוי באַפֿרײַט מענ זיך פֿונ דער מינע, וואָס איז גע-בליבנ ליגנ אונטער זײַנ צעשפּרייטנ שינעל.

דאָס גרויסטע דאָרף איז געלעגנ אינ א באַלקע. בא דער טונ-קעלער שײַנ פֿונ דער פֿארנעפּלטער לעוואָנע האָט ער באַטראַכט די דערשראָקענע צעשאָטענע הײַזלעכ, טויט-שטיל איז געווענ אינ דאָרף, קיינ קריי פֿונ א האָנ, קיינ ביל פֿונ א הונט. ווײַזט אויס,

די דײַטשנ פילנ זיכ זיכער אינ זייער פעסטונג. זיי ליגנ מיסטאמע איצט אפ ווייכע געלעגערס, אונטער א ווארעמענ דאכ, אונ די לאנגיאָריקע באלעבאטימ פונ דאָרפ וואלגערנ זיכ אוואדע ערגעצ אפ די וועגנ, נעכטיקנ אונטערנ אָפענעמ הימל, אונ עפשער האָט דער ווינט שוינ לאנג פארשאָטנ זייערע קוואָרימ. זײַנע פינגער האָבנ זיכ אינסטינקטיוו א צי געטאָנ צומ צינגל פונ דער אָנגעלאָדענער ביקס, נאָר אינ דער זעלבער רעגע האָט ער צוריק געווּונענ זײַנ רויִקײַט, וואָס איז געגליכנ צו דער אויסערלעכער רויִקײַט פונ א דראָט, איבער וועלכנ עס פליסט אנ עלעקטרישער שטראָמ פונ הויכער שפאנונג. א מעכטיקע קראפט האָט זיכ אויסבאהאלטנ אינ נאָכעמענ אונטער זײַנ סאָלדאטישער אויסערלעכער רויִקײַט.

ער האָט א קוק געטאָנ אפנ זייגער. ס'איז שוינ געווענ נאָכ צוועלפ, איינגיכנ וועט זיכ אָנהייבנ דער אָנגריפ אפנ באפעלקערטנ פונקט. צוריקוועגס איז ער שיִר ניט ארופ אפנ צעשפרייטנ שינעל, וואָס אונטער אימ איז געלעגנ די מינע פונ דער אומבאקאנטער קאָנסטרוקציע. דער טויט איז געלעגנ אונטערנ גרויענ שינעל, וואָס האָט נאָכ געשמעקט מיט דער וואַרעמקײַט פונ זײַנ לײַב. מיטאמאָל האָט זײַנ פילבארער אויער אופגעכאפט א שאָרכ פונ האסטיקע טריט. נאָכעמ איז געבליבנ רויִק. ער האָט געוווּסט, אז פונ דער ריכטונג קאָנ קומענ בלויז עמעצער פונ זײַנ טייל.

— דער קאָמאנדיר האָט מיכ געשיקט פרעגנ, וויפל צײַט דארפ נאָכ געדויערנ?

פרידמאנ האָט זיכ אומגעקוקט אפ זײַנ צעשפרייטנ שינעל אונ געענטפערט:

— גיט איבער דעמ קאָמאנדיר, אז דער וועג איז אָפנ. פארגעדענקט: זיכ האלטנ שטרענג בא מײַנע צעשטעלטע צייכנס. קיינ טראָט ניט אָפקערעווענ פונ וועג ניט לינקס, ניט רעכטס. אזוי גיט איבער דעמ קאָמאנדיר.

פונקט דרײַ פערטל איינס זײַנענ די גווארדייער ארײַנגעטראָטנ אינעמ פרײַענ דורכגאנג פונ דער דראָט-פארצוימונג. מע איז געגאנגענ אייניציקווײַז אינ א לאנגער צעצויגענער שורע. אָפקערעווענ איז ניט געווענ וווהינ: פונ ביידע זײַטנ האָבנ זיכ געצויגנ געדיכט פארמינירטע פעלדער. פלוצעמ איז דער פאָדערשטער גווארדייער געבליבנ שטיינ אונ נאָכ אימ די איבעריקע. אפנ שמאָלנ שטעג איז אפ אלע פיר געשטאנענ א מענטש.

— אונטער מיר ליגט א מינע, — האָט נאָכעמ פרידמאנ, עט-

וואָס אופהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער ערד, זיך אָנגערופן, — גיט איבער, מע זאָל טרעטן איבער מײַן רוקן, האָט ניט מוירע. איך וועל אויסהאלטן. טרעט!

די גווארדייער האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט.

מיט דערשטוינטע בליקן האָבן די גווארדייער געקוקט אַף זייער כאַווער, וואָס האָט מיט זײַן לײַב אָפּגעטיילט דאָס לעבן פונעם טויט. אָט איז ער, דער וועג צום זיג, די בריק, וואָס פירט צום לעבן, די בריק, וואָס איז שטארקער פון שטאָל.

— טרעט איבער מיר! — האָט פרידמאַן באַפוילן.

עטלעכע און פופציק באוואָפנטע וויטאַרמייער זײַנען דורכ-געגאַנגען איבער זײַן רוקן ווי איבער א בריק, און די בריק איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אומבאַוועגלעך. שטארקער פון שטאָל איז איצט געווען זײַן יונגער קערפּער. יעדער גליד פון זײַן לײַב האָט זיך אָנגעגאָסן מיט גוווּרע און וואָס ווײַטער אַלץ שטארקער איז אין אים געווען די זיכערקייט, אַז ס'איז איצט ניט פאַראַן אַזאַ שווערקייט, וואָס זאָל אים קענען אײַנברעכן. ער האָט אפילע אַ פּאָר מאָל אופגעהויבן דעם קאָפּ פון דער ערד און באַפוילן:

— טרעט זיכערער! זיכערער טרעט איבער מיר!

ער האָט ניט באַמערקט, אַז זײַנע כאַווײרים זײַנען שוין פאַר-שוווּנדן מיטן שמאָלן וועג אין דער ריכטונג פונעם באַפעלקערטן פונקט, ס'האָט זיך נאָך אים אַלץ געדוכט, אַז איבער זײַן רוקן מאַרשירן און מאַרשירן אָפּטיילונגען, ווזוואָדן, ראָטעס, באַטאַליאָ-נען, זיי גייען באַזיגן דעם טויט. און מיטאַמאָל האָט ער דערהערט אַ מעכטיקן געשריי:

— הוראַ!

ווי אַ ווינט האָט פרידמאַן זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, אַראָפּ-געריסן פון דער ערד דעם אויסגעשפּרייטן שינעל און זיך אײַנ-געקוקט. די מינע איז געלעגן: די זריִע פון טויט איז געלעגן אַף דער ערד.

נאָכעם האָט אָנגעטאָן דעם שינעל, צוגעגרייט די ביקס צו שלאַכט און רויִק אופגעריסן די מינע. אַ הילכיקער דונער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דער נאַכט. נאָכעמען האָט זיך דערבײַ געדוכט, אַז ער האָט אינעם דונער דערהערט די זעלבע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט אין זיך, ווען זײַן יונג לײַב האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בריק: „דאָס לעבן האָט באַזיגט דעם טויט!“

# די פרוכט פון אייץ־האכאַים

פאר די איבער אָנדערהאלבן יאָר מילכאָמע איז שיִע-מיכלען רויז שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען זיך באגעגענען מיט דײַטשישע טאנקען, גיין אין אטאקע, ליגן אינמיטן פעלד, ווען נידעריק איבערן קאָפּ טראָגן זיך עראָפּלאנען — און גאָרניט. ס׳איז אים, דאכט זיך, פון דעם אפילע קיין איין גרויע האָר ניט צוגעקומען אין קאָפּ. נאָר קוים ווערט שטיל — דאן איז שיִע-מיכל ניט שיִע-מיכל. דאָס הארץ קלאפּט שטארקער, דער אָטעם ווערט שווערער, די אויגן קריכן ארויס פון אונטערן שטערן. יעדער גליד פון זײַן לײַב ווערט פילבאר און אָנגעשטרענגט צו דער פאר־טײַעטער ווײַט, און ס׳ווילט זיך אים דאן ניט שלאָפן, ניט עסן, אפילע ניט רייכערן. דאָס סאמע שרעקלעכסטע, וואָס קאָן נאָר זײַן אף די פאָדערשטע פאָזיציעס, — אזוי האָט געהאלטן שיִע-מיכל, — דאָס איז שטילקײַט. און ווי אף צולאָכעס איז אין יענעם שפּעטן אפדערנאכט, ווען דער קאוואלעריסט פון דער קאזאקן-דיוויזיע שיִע־מיכל האָט זיך געלאָזן אין אויסשפּיר, געווען אזוי שטיל, פונקט ער וואָלט זיך געהאט דערווײַטערט פון די פאָדערשטע פאָזיציעס אף הונדערטער קילאָמעטער. די שטילקײַט האָט געני־דערט פון די בערג, איז אופגעגאנגען פון טיפן אָפּגרונט, וואָס האָט באגלייט דעם שמאָלן באהאלטענעם וועג. אים, דעם דאָרפס־מענטש, שיִע-מיכלען, איז די שטילקײַט פון דער נאטור שוין לאנג געוואָרן פרעמד. ער האָט זיך פון איר אָפּגעוווינט, ווי ער האָט זיך אָפּגעוווינט פון א ווייכן ווארעמען געלעגער, ווי ער האָט זיך אָפּגעוווינט הערן אין די קאַיאָרן דעם קריי פון העבער און דעם שווערן סאָפּען פון דער בעהיימע אין שטאל. אפילע דאָס פערד זײַנס, וואָס געפינט זיך אף דער מילכאָמע א סאך ווייניקער פון אים, וואָלט מיסטאם אויך פארביטן די שטילקײַט אף א שטורעם.

— ניאָ, מארגאריטא, שירע, שירע שאג!..

דאָס פערד האָט פּאָרזיכטיק געשפּאנט און איטלעכע ווײַלע אָנגעשפּיצט די אויערן צו דער פארטײַעטער ווײַט.

געדויערט האָט אָבער די שטילקײַט ניט לאַנג. ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן אַרטילערישע צוגרייטונג. דער טיפֿער הימל האָט ווי פֿאַר אַ שלאַקסדעגן זיך צעשטראַלט מיט ווײַטע און נאָענטע בליצן.

שיִע-מיכל האָט לײַכט אָפּגעעטעמט.

— נו, מאַרגאַריטאַ, פּריבאַוו שאַג.

די שיסערײַ איז וואָס אַמאָל געוואָרן אָפֿטער און שטאַרקער.

„וואָס-וואָס, נאָר אַזאַ אַרטילעריע, ווי בײַ אונדז, האָט דער דײַטש אַ מאַקע", — האָט שיִע-מיכל אַ טראַכט געטאָן.

דאָס נידעריקע פֿערדל האָט זיך האַסטיק און פּאַרזיכטיק גע־טראָגן מיטן שמאָלן וועג, וואָס האָט זיך געדרייט צווישן די בערג. שיִע-מיכל האָט זיך לײַכט געוויגט אינעם זאָטל און איז אויסער־לעך געווען רויִק, פּונקט ער וואָלט לאַכלוטן ניט געוווּסט, אַז מיטן זעלבן וועג זײַנען שוין געגאַנגען אין אויסשפּיר עטלעכע שלאַכט־לײַט און קיינער פֿון זיי האָט זיך צוריק ניט אומגעקערט.

ביזן אַאול, וווּ ס׳האָט זיך געפֿונען דער סוינע, איז געבליבן ווייניקער פֿון האַלב וועג. אײַנגיכן וועט רויִז דאָ איבערלאָזן ליגן דאָס פֿערד און אַליין אַרופֿקלעטערן אינעם אַאול. ניט דאָס ערשטע מאָל גייט ער אין אויסשפּיר, און שטענדיק האָט אים געהאָלפֿן זײַן רויִקײַט. די שרעק פֿאַרן טויט האָט אים נאָך קיין איין מאָל ניט באַגלייט אין שלאַכט, אין אויסשפּיר. ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן טויט, וואָרעם ער איז אַ טאַטע פֿון פֿינף קינדער, ער דאַרף זיי נאָך שטעלן אויף די פֿיס, איז ווי קאָן ער שטאַרבן.

— אויף אונדז, ייִדן, — האָט שיִע-מיכל מיט זיך אַליין גערעדט, — האָבן די דײַטשן אויסגעקלערט מער בילבולים, וויפֿל שטערן ס׳זײַ־נען פֿאַראַן אין הימל. אַ בילבול, אַז מיר, ייִדן, זײַנען פּאַכדאָנים. וויפֿל דײַטשן האָב איך מיט די אייגענע אויגן געזען שטיין מיט אויפֿגעהויבענע הענט און מיט טויט-בלאַסע פּנעמער. בײַ עטלעכע דײַטשן האָב איך דעמאָלט געפֿרעגט: זאָגט מיר נאָר, כ׳בעט אײַך, אײַך איז עפּעס אויסגעקומען טרעפֿן באַוואָפֿנטע ייִדן מיט אויפֿגע־הויבענע הענט צו דער הייך, אַ? — ניין, האָבן זיי מיר געענטפֿערט. — נו, איז ווער זײַנען עס פּאַכדאָנים — דײַטשן צי ייִדן, אַ?

די שיסערײַ האָט ווידעראַמאָל אויפֿגעהערט. טויט-שטיל איז געוואָרן אינעם בערגיקן אַרום, און פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ שאָרך. שיִע-מיכל האָט זיך האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער הויזן-קעשענע.

— פאַראַנו! — און ערשט נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקוקט, אַ פויגל האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און זיך געטראָגן צו די וואָלקנס.

— סט'זיך דערשראָקן, אַ? — האָט שיִע-מיכל געפרעגט באַם פערד און אים צאַרט אַ גלעט געטאָן די ברוינע ציכטיקע פעל. — פאַרגעדענק. באַלד די גראַנאַטע איז מיט מיר, האָסטו ניט וואָס מוירע צו האָבן, לעבעדיקערהייט וועט מען אונדז ניט נעמען.

מיט אַלץ קאָן שיִע-מיכל זיך שיידן, אַפילע מיט דער פליאַגע וואַסער אין די סאַמע גרעסטע היצן. נאָר מיטן „ען-זע" — מיט דער לעצטער גראַנאַטע וועט ער זיך ניט שיידן.

דער וועג האָט געהאַלטן אין איין בײַטן די ריכטונג. אָט האָט ער זיך געקאַראַבקעט אַרויף, ווי ער וואָלט זיך געקליבן דערגרייכן די וואָלקנס, וואָס האָבן גערוט אויף די שפּיץ בערג, און אומגע-ריכט האָט דער וועג זיך אויסגעצויגן פּאַזע אַ טיפן אָפּגרונט. שיִע-מיכל האָט זיך אָנגעטרויט דעם פערד. מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן איז ער לײַכט געזעסן אין זאָטל און געדוכט האָט זיך אים דערבײַ, אַז ער קערט זיך אום פון קאָלווירטישן סאָד צו זיך אין דאָרף. אינגיכן וועלן זיך ווײַזן די היימלעכע פײַערלעך פון זײַן שטוב. די קינדער זײַנע וועלן אים אַרויסלויפן אַנטקעגן מיט אַ פריילעכן געפילדער און נעמען שאַרן איבער זײַנע קעשענעס.

„טאַטע, ווו זײַנען עס די עפל? טאַטע!"

„עפל וואַקסן דען אין קעשענע? עפל וואַקסן אויף ביימער, אָן אַווו, אַ?" — און אין זײַנע שטײַפע אויפגעהויבענע הענט פלעגן אויפלויכטן גרויסע אָנגעגאָסענע ראַנעטעס. אין יענע מינוטן איז דער טאַטע שיִע-מיכל געווען ענלעך צו אַ פּרוכטבוים.

פון די צעוואַרעמטע דערמאָנונגען איז אים געוואָרן אַי לײַכט אַי שווער אויפן האַרצן.

— אײַ, ס'אַרא לעבן מיר האָבן עס געהאַט, — האָט ער צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן, — מיר האָבן דען פאַרשטאַנען, ווי גוט אונדז איז.

אומגעריכט האָט אַן אומגעהײערע קראַפט אים אַרויסגעשלײַ-דערט פון זאָטל, און שיִע-מיכל האָט דערפילט, ווי ער פליט ערגעץ אין אַ טיפן אָפּגרונט...

געקומען איז ער צו זיך, ווען דער הימל איז שוין געווען געדיכט אויסגעשטערנט. פון ערגעץ נאָענט האָבן זיך אַהער געקײַקלט ווידערקוילעס פון אויפגעריסענע באָמבעס און סנאַריאַדן. אָפּטמאָל האָט זיך געלאָזט הערן אַ קוילנוואַרפער.

— מארגאריטא, מארגאריטא, — האָט שיִע-מיכל שטיל געשטאמלט און זיך נאָכדעם לאנג, לאנג צוגעהערט צום ארום.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופנ. ארום און ארום — קיינ איינ לעבעדיקער מענטש. ווי קומט ער אהער?

אינ מויל האָט אים שרעקלעכ געשמארצט, געיִבלט. ער האָט פארדעקט מיטנ צונג די צעבלוטיקטע יאסלעס. קיינ איינ צאָנ איז אים ניט געבליבנ. די רעכטע האנט האָט זיך ניט באוועגט. די פיס — שווערער פונ קלעצער. ביסלעכווײַז האָט שיִע-מיכל אָנגעהויבנ באנעמענ, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומענ. ווײַזט אויס, זייער נאָענט פונ אים האָט זיך אופגעריסנ א סנאריאד, און די לופט-כוואליע האָט אים פונ זאָטל ארויסגעשלײַדערט אהער אינ אָפּגרונט.

זײַנ גליק, וואָס דאָס אָרט, אפ וועלכנ ער איז געפאלנ, איז ניט קיינ שטייניקס. פונ דרײַ זײַטנ איז דער אָפּגרונט ארומגעוואקסנ מיט בערג, וואָס שנײַדנ זיך ארײַנ אינ די וואָלקנס.

ביז סאמע באגינענ איז שיִע-מיכל אזוי געלעגנ אומבאוועגלעכ און אלצ געקוקט צו דער הייכ. ער האָט שוינ פאר אָט דער צײַט א פּאָר מאָל געפרווט זיך אופזעצנ, נאָר ס'האָבנ אים אויסגעפעלט קויכעס. צי דענ וועט אים ניט קלעקנ קיינ קויעכ זיך ארויסצו-קלײַבנ פונדאנענ? צי דענ... א פארצווייפלטער האָט ער זיך א כאפּ געטאָנ פאר דער קעשענע און ניט מיט זײַנ קאָל אויסגעשריִענ:

— פאראנ!

פונ זינט שיִע-מיכל געפינט זיך אפ דער מילכאָמע, האָט ער שטענדיק מיטגעטראָגנ מיט זיך א גראנאטע. ער האָט זי געטראָגנ מיט זיך ווי א טייל פונ זײַנ אייגענעם קערפּער. שטענדיק געהאלטנ זי אפ איינ און דעמ זעלבנ אָרט, — אינ דער הויזנ-קעשענע, און אָנ איר — קיינ טראָט ניט געשטעלט.

די ערשטע צײַט האָבנ די כאווײרימ זײַנע פונ ווזוואָד בא אים געפרעגט:

— וואָס טראָגסטו מיט זיך די גראנאטע ווי א קאמייע? מיינסט, אז ס'וועט דיך אָפּהיטנ פונ טויט?

— פונ טויט? ס'איז פאראנ שרעקלעכערס פונעם טויט, — האָט שיִע-מיכל זיי דערויפ געענטפערט. — שרעקלעכער פונעם טויט איז לעבעדיקערהייט ארײַנפאלנ צו דעמ דײַטש אינ די הענט.

און אלע האָבנ געוווּסט:

שיִע-מיכל וועט זיך צעשיידנ מיט דער גראנאטע בלויז דעמלט, ווענ ס'וועט זיך ענדיקנ די מילכאָמע. אָדער אינ פאל, ווענ ס'וועט ניט זײַנ קיינ אנדער אויסוועג, ווי זיך אליינ אופרײַסנ.

אפ מאָרגן האָט שיִע-מיכל זיך דערפֿילט נאָך מער אויסגעצערט. דער הונגער און דאָרשט האָבן אים שרעקלעך געפּײַניקט. ער האָט איבערגעקערט אַלע קעשענעס. צווישן מאַכאָרקע-שטויב האָט ער בלויז געפֿונען אַן אויסגעטריקנטן יאַדער פֿון אַן עפּל.

— ווי קומט אַהער אָט דאָס קערנדל?

ער געדענקט:

אײנעם טאָג, ווען ער האָט פֿאַרלאָזן די היים און איז אַוועק אפֿ דער מילכאָמע, איז ער פֿאַרגאַנגען אין קאָלווירטישן סאָד. ער איז דעמאָלט לאַנג געשטאַנען צווישן די געדיכטע פּרוכטביימער, וועלכע ער האָט אַלײן פֿאַרפּלאַנצט, און פֿאַרן אַוועקגיין מיטגענומען מיט זיך אין וועג עטלעכע עפּל. ווען ער האָט זיך איבערגעטאָן אין די מיליטערישע קליידער, זײַנען אים נאָך פֿאַרבליבן אַ פּאָר עפּל. ווײַזט אויס, אַז פֿון יענע עפּל האָט זיך צופֿעליק פֿאַרהיט אַ קערנדל, וואָס האָט אים באַגלייט אין אַלע שלאַכטן. פֿונעם יאָדער האָט אפֿ אים אַ וויי געטאָן מיט דער היים, מיט פֿרישן טוי פֿון זוניקע באַגינענס און שטילקײט פֿון וווּנדערלעכע אָפּדערנאַכטן. שיִע-מיכל האָט פֿאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט דאָס קערנדל אפֿ די ליידיקע יאַסלעס, אָנגעוואַרעמט עס מיט זײַן אָטעם, נאָכדעם עס צוריק אַוועקגעלייגט אפֿ זײַן ברייטער דלאָניע. ער האָט ניט באַמערקט, ווי ער האָט מיט די נעגל אויסגעגראָבן אַ גריבל, אַרײַנגעלייגט אַהין דאָס קערנדל און עס פֿאַרשאַרט. די גרויסע מענטשלעכע ליבע צו אַלץ, וואָס לעבט און וואַקסט, איז געווען בײַ אים אינעם בלוט.

מיט יעדער שאָ האָט דער הונגער זיך געלאָזט פֿילן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. דאָך האָט ער צונויפֿגענומען די לעצטע קויכעס און זיך געשטעלט אפֿ די פֿיס. נאָר באַם ערשטן טראָט זײַנעם איז ער צוריק אומגעפֿאַלן.

— צי דען וועל איך דאָ אויסגיין?

אָט דער געדאַנק האָט אים איצט געפּײַניקט מער ווי דער הונגער און דאָרשט.

ס'איז דורך אַ לאַנגע צײַט, ביז שיִע-מיכל האָט ווידער צונויפֿגענומען זײַנע קויכעס, עטלעכע רעגעס האָט ער זיך געהאַלטן אפֿ די פֿיס. ער איז געשטאַנען מיט אַ פֿאַריסענעם קאָפּ צו דער הייך, און דאַכט זיך, אַז ער האָט דערזען מענטשן. זיי האָבן זיך באַ-

ווענט איבערנ זעלבנ וועג, מיט וועלכנ ער איז געגאנגענ אינ אויסשפיר, זײַנ געניט מיליטעריש אויג האָט אינ די פוסנייער דערקענט דעמ סוינע. אונ עפשער דוכט זיכ עס אימ גאָר אויס?

ער האָט געוואָלט צוגיינ נעענטער, אונ גייענדיק אזוי, איז ער אומגעפאלנ. ער איז לאנג געלעגנ מיט צוגעמאכטע אויגנ, אונ אז ער האָט זיי צעעפנט, איז שוינ די זונ פארשווּנדנ צווישנ די בערג. אינ קאָפ האָט געפערלעכ גערוישט. דער סאָפ טאָג האָט געשווינדלט פאר די אויגנ מיט אלע קאָלירנ פונ רעגנבויגנ.

— צי דענ וועל איכ דאָ מוזנ אויסגיינ? — האָט ער אינ זיכ געשעפטשעט, — ווער וועט דערציילנ מײַנע קינדער, מײַנע כאווײרימ פונ פאָלק, אז אהער האָט מיכ ניט פארטריבנ די מורדע פארנ טויט.

אָט דער געדאנק האָט אימ די גאנצע צײַט ניט געלאָזט אײַנליגנ.

שיִע־מיכל איז שוינ ווידער געשטאנענ אפ די פיס. אינ דער געזונטער האנט זײַנער האָט ער געהאלטנ די גראנאטע. איצט איז די צײַט, ווענ ער דארפ זיכ מיט איר צעשיידנ.

ער האָט פארקריצט די ציינ, ער זאָל פונ ווייטעק ניט שרײַענ, אונ גענומענ קלעטערנ צו דער הייכ, אהינ, ווו ס'האָט זיכ באוועגט דער סוינע. דער מעכטיקער ווילנ פארנ טויט אויסלאָדנ די גראנאטע, אז צוזאמענ מיט אימ זאָלנ אומקומענ די, קעגנ וועמענ ער האָט זיכ געשלאָגנ פונעמ ערשטנ טאָג מילכאָמע אָנ, האָט אינ אימ אונטערגעהאלטנ די קויכעס...

... אינ אייניקע טעג ארומ, ווענ אונדזער מיליטער אפנ קאווקאזער פראָנט איז אוועק אינ אָנגריפ, האָבנ די שלאכטלײַט דערזענ: אפנ מעשופעדיקנ בארג, וואָס האָט פונ טיפנ אָפגרונט געפירט צו דער זוניקער הייכ, איז געלעגנ א רויטארמייער. אינ איינ האנט האָט ער געהאלטנ פארקלעמט א גראנאטע, די אנדערע האנט איז געלעגנ הארט אפ דער ערד.

דאָס איז געלעגנ דער קאוואלעריסט פונ דער קאזאקישער דיוויזיע שיִע-מיכל רויז.

# דער בריוונטרעגער

פון זינט וועלוול בראגינ איז געוואָרן דער בריוונטרעגער אינ באטאליאָן, זײַנען שוינ אדורכ היפּשע עטלעכע וואָכן, אונ דאָכ האָט ער זיכ נאָכ אלץ געקליבן פרעגן באַם קאָמאנדיר: „פּארוואָס עפּעס גראדע אים, בראגינען, האָט ער באשטימט פארן בריוונטרעגער? פאראן, דאכט זיכ, אינ באטאליאָן מער געבילדעטע פונ אים". פאריינוועגס וועט ער אים שוינ אויכ זאָגן, אז די נײַע ארבעט זײַנע איז אים לאכלוטן ניט צום הארצן. ס'איז ניט פאר אים. זאָל מען עמעצן אנדערש באשטימען אפ זײַן אָרט. אויב דער קאָמאנדיר וועט בא אים פאָדערן מאָטיוון, וועט וועלוול אים דערויפ ענטפערן:

— צוליב דער נײַער שטעלע מײַנער קומט מיר אָפטמאָל אויס זײַן אינ פעלד-פּאָסט אקוראט דעמלט, ווען מײַנע כאווירים גייען אינ שלאכט, אונ ביכלאל...

פארשטייט זיכ, דעמ קאָמאנדיר וועט ער ניט זאָגן דאָס, וואָס ער האָט אנומלטן געזאָגט דעמ כאווער זײַנעמ פונ בלינדאזש, דעמ געשטופּלטן אלעקסיי קאָנדאקאָוון.

— פארשטייסט דאָכ אליינ, אלעקסיי, — האָט וועלוול צו אים געזאָגט, — אז איכ מוז אָנטייל נעמען אינ יעדער שלאכט. איכ וויל ניט, עמעצער זאָל וואגן א זאָג טאָן — א ייד זוכט זיכ א לײַכטע ארבעט. א ייד...

— קיינער פונ אונדז האָט אפ דיר אזוינס ניט געזאָגט אונ וועט אפ דיר אזעלכס ניט זאָגן, — האָט אים אלעקסיי איבערגעשלאָגן, — אונ דאָס, וואָס דער קאָמאנדיר האָט דאפקע דיכ באשטימט פארן בריוונטרעגער, איז גאנצ פּאָשעט. אונדזער קאפּיטאן האָט א קאלע, ווײַזט אויס, זייער א שיינ מיידל, נו, איז וויל ער, אז דער, וואָס גיט אים איבער אירע בריוו, זאָל אויכ זײַן א שיינער. מע זאָגט, אז א שיינער פּאָטשטאליאָן איז א סגולע צו הייסע ליבע-בריוו. פארשטאנען?

צי האָט דער קאָמאנדיר פונ באטאליאָן געהאט א קאלע צי ניינ, דאָס האָט קיינער אפ זיכער ניט געוווּסט, נאָר אז אינ וועל-

וולנע וואָלט זיך געקאָנט פארליבן דאָס שענסטע מיידל, האָט קיינער ניט געסאָפּעקט.

— איך ווינטש זיך אויסהארגענע אזויפיל פריצן, וויפל מיידלעך עס וועלן זיך נאָך אינ דיר פארליבן,—האָט אלעקסיי קאָנדאקאָוו אים איינמאָל א זאָג געטאָן, — ע, אנ אנדערער אפ דיינ אָרט...

יאָ, אנ אנדערער אפ וועלוולס אָרט וואָלט מיסטאמ אינ הילכעס ליבע באוויזנ א סאך מער פונ אים. ס׳איז, דאכט זיך, געגוג געווענ, וועלוול זאָל אפ עמעצנ א קוק טאָנ מיט זיינע טיפע הימל-בלויע אויגנ, אז בא יענעם זאָל מיטאמאָל ווערנ אי ווארעמער אי לייכטער אפנ הארצנ. די מעדיצינ-שוועסטער אונ מיידלעך פונ די דערפער אונ יישוווימ, ווו דער באטאליאָנ פלעגט איינשטיינ, פלעגנ באמ באגעגענענ וועלוולענ ווערנ צוגעקאָוועט צומ אָרט. לאנג, לאנג איז זיי נאָכדעמ געשטאנענ פאר די אויגנ זיינ שלאנקע פיגור, די צוויי שורעס געטאָקטע ציינ, דער אָפענער שמייכל אפ זיינ קלאָרנ לענג-לעכנ געזיכט. וועלוול פלעגט זיך רויטלענ פונ זייערע בליקנ. אינ יענע רעגעס איז ער מעקאנע געווענ דעמ כאווער זיינעמ, אלעקסיי קאָנדאקאָוונ. אפ אלעקסייענ פלעגט מענ זיך אויך פארקוקנ אונ דערביי זאָגנ: „א העלדישער באָכער“, אונ אפ אימ, וועלוולענ: „אָכ, ס׳ארא שיינער“. אוואדע וואָלט ער געווענ צופרידנ, ווענ מע זאָל וועגנ אימ זאָגנ דאָס, וואָס מע זאָגט וועגנ קאָנדאקאָוונ, כאָטש קיינער האָט אימ נאָך קיינ איינמאָל ניט אופגעוואָרפנ, אז ער איז ניט דרייסט אינ שלאכט. ערגער איז דאָס, וואָס פונ זינט ער איז געוואָרנ א בריוונטרעגער, האָט ער זיך א סאך ווייניקער געפונענ צווישנ זיינע כאווירימ. ווי נאָר עס פלעגט נעמענ טאָגנ, איז ער שוינ ארומגעגאנגענ איבער די טראנשייענ, צונויפגעקליבנ בא די רויטארמייער די אָנגעשריבענע בריוו אונ זיך געלאָזנ צו דער פעלד-פּאָסט. די ערשטע צייט האָט ער צוריק אינ באטאליאָנ זיך מערסטנ-טייל אומגעקערט שפעט אינ אָוונט. די ערשטע צייט האָבנ אימ די שלאכטלייט באגעגנט מיט טענעס אונ פאָדערונגענ. נאָר אז בראגינ האָט זיך איינגעארבעט, פלעגט קומענ פונ פעלד-פּאָסט א סאך פריִער, האָט שוינ געוווסט אפ אויסווייניק ניט בלויז פאר וועמענ עס זיינענ דאָ בריוו, נאָר אפילע פונ וועמענ,— איז ער בא די שלאכטלייט געוואָרנ זייער אנ אָנגעלייגטער גאסט. די, וואָס האָבנ אזוי אָפט ניט באקומענ קיינ בריוו, זיינענ אימ שוינ מער ניט באפאלנ מיט טענעס אונ פאָדערונגענ. זיי פלעגנ נאָר שטיל בא אימ א פרעג טאָנ:

— ניטאָ?

— אָט וועסטו זען, אז מאָרגן ברענג איך דיר מיטאמאָל אזוי־פיל בריוו, אז דו וועסט מיד ווערן לייענען, — האָט וועלוול געפרוווט זיי באַרויִקן. — שאַ, ווייסטו גאָר וואָס, גיב מיר דעם אדרעס פון דײַניקע, און איך וועל זיי אָנשרײַבן. מעגסט זיך שוין אָפּ מיר פאַרלאָזן.

און בראַגין פלעגט טאַקע אין נאָמען פונעם רויטאַרמייער אָנשרײַבן צו זײַניקע אַ געניטעם בריוו, וואָס פלעגט זיך אָנ ערעך ענדיקן אזוי: „אַז מע באַקומט פון דער היים אַ בריוו, גייט זיך גאָר אַנדערש אין שלאַכט, די ביקס שיסט גאָר אַנדערש"...

ווער קאָן עס געדענקען, וויפל בריוו און פּאָסט-פּעקלעך וועלוול בראַגין האָט שוין צעטיילט צווישן די שלאַכטלײַט. בלויז ער, דער בריוונטרעגער אליין, וועלוול, האָט פאַר זיך פון קיינעם גאָרניט באַקומען. און פון וועמען האָט ער געזאָלט וואַרטן? פון דער גאַנצער מישפּאָכע זײַנער איז ער געבליבן איינער. איינער, ווי אַ שטיין אין פעלד. ער האָט אפילו ניט באַוויזן ברענגען צו קווורע טאַטע־מאַמע און די שוועסטער, וואָס זײַנען געבליבן אונטער די אײַנגעוואַלגערטע ווענט פונעם צעבאָמבירטן מויער. די דײַטשן זײַנען שוין דעמלט געווען אין פאַרשטאָט. פון זינט יענעם טאָג האָט נאָך בראַגין זיך ניט צעשיידט מיט דער ביקס. די ביקס איז איצט געווען זײַן איינציקער אָנשפּאַר אין לעבן.

— דאָס, וואָס עס איז שוין געשען, איז פאַרפאַלן, — האָט וועלוול זיך אָנגערופן צו יענע, וואָס זײַנען אָט ווי ער געבליבן עלנט, — נאָר באַלד מיר באַקומען ניט קיין בריוו, איז לאָמיר כאָטש ווי געהעריק באַזאָרגן די דײַטשקעס מיט בריוו. אין יעדן קאָנווערט זאָל דאָרט ליגן אַ בסורע וועגן אַ געהאַרגעטן טאַטן, צי אַ זון, צי אַ כאָסן.

מעגלעך, אַז טאַקע דערפאַר, וואָס בראַגין האָט דאָס זעלבע איינמאָל אַ זאָג געטאָן אינעם קאָמאַנדירס אָנוועזנהײַט, האָט דער קאַפּיטאַן אים באַשטימט פאַרן בריוונטרעגער.

אָבער געזאָגט האָט ער עס דאָך גאָר דעמלט, ווען ער איז שוין געווען דער בריוונטרעגער פון באַטאַליאָן, איז וואָס פאַר אַ שײַכעס קאָן עס האָבן צום איניען? ניט אַנדערש, אַז אין דעם, וואָס ער איז פאַרוואַנדלט אין אַ בריוונטרעגער, איז שולדיק זײַן פאַרווונדעטער פוס. אין איינער אַ שלאַכט איז וועלוול בראַגין פאַרווונדעט געוואָרן אין פוס, נאָר די פּאָזיציעס האָט ער ניט פאַר־

לאָזנ. דער קאָמאַנדיר אָבער האָט דערזענ, אַז װעלװל הינקט שטאַרק אונטער, האָט ער אימ גלײַכ אָפּגעשיקט אינ סאַנבאַט.

אונ א באַפעל איז א באַפעל.

אַרױסגײענדיק פונעמ געדיכטנ װעלדל, װאָס איז געלעגנ אַפנ װעג צומ סאַנבאַט, האָט ער פּלוצעמ דערזענ זיכ װאַלגערנ אינ שנײ א צעבראָכענעמ שליטנ, אונ דערבײַ זײַנענ געלעגנ דערהאַרגעט א רױטאַרמײער אונ א פערד. אַרומ אונ אַרומ האָבנ זיכ געװאַלגערט צעשאָטענע בריװ, פּאָסט-פּעקלעכ. אינעמ דערהאַרגעטנ רױטאַרמײער האָט בראַגינ דערקאָנט דעמ בריװנטרעגער פונ באַטאַליאָנ.

עטלעכע מינוט איז װעלװל בראַגינ געשטאַנענ פאַרשטײנערט באַמ צוקאָפּנס פונעמ אומגעקומענעמ כאַװער אונ זיכ צוגעהערט צו דער שלאַכט, װאָס איז געגאַנגענ אַפ יענער זײַט װעלדל. דער פּוס האָט אימ שרעקלעכ װײ געטאָנ. א מינדסטער װינט װאָלט אימ, דוכט זיכ, אומגעװאַלגערט אַפנ שנײ. נאָר בראַגינ איז אַלצ געשטאַנענ אונ זיכ צוגעהערט צו דער שלאַכט, װאָס האָט מיט יעדער מינוט זיכ אַלצ דערװײַטערט פונעמ װעלדל. דער סױנע איז אַפּאָנעמ אָפּגעטראָטנ. װעלװל בראַגינ װײסט אַפריִער: נאָכ דער שלאַכט װעט אײנ רױטאַרמײער זיכ נאָכפרעגנ באַמ אַנדערנ, צי איז שױנ געװענ די פּאָסט. יעדער אײנער װאַרט אַפ א גרוס פונ דער װײַטער הײמ, אונ אָט ליגנ די בריװ אַפנ שנײ, דער װינט װעט זײ צעטראָגנ איבערנ פעלד, זײ פאַרטראָגנ ערגעצ װײַט-װײַט...

װעלװל האָט דערשטיקט אינ זיכ דעמ װײטעק אונ גענומענ צונױפקלײַבנ פונ שנײ די פאַנאַנדערגעװאָרפענע בריװ. א פולנ זעקל מיט בריװ האָט ער אַרופגעװאָרפנ צו זיכ אַכנ אַקסל אונ זיכ געלאָזנ צוריק.

שפּעט אינ אָװנט האָט ער זיכ דערקליבנ צומ שטאַב פונ באַטאַליאָנ.

דער קאַפּיטאַנ האָט אַפנ אַרײַנגעקומענעמ בראַגינענ א קוק געטאָנ מיט די שטענדיק שטרענגע אױגנ זײַנע, װאָס באַהאַלטנ אונטער זיכ א װיס צאַרטע פּאָטערלעכע ליבע צו די סאָלדאַטנ, אונ געפרעגט:

— װאָס טוט איר דאָ? כ׳האָב דאָכ אײַכ אָפּגעשיקט אינ סאַנבאַט.

בראַגינ האָט אָנגעװיזנ אַפנ זעקל בריװ, װאָס ער האָט געבראַכט צו שלעפּנ, אונ שטיל געענטפערט:

— כ׳האָב אימ שױנ געטראָפנ א טױטנ, דעמ בריװנטרעגער. פונ א סנאַריאַד אַפּאָנעמ דערהאַרגעט געװאָרנ. די בריװ האָבנ זיכ

געוואלגערט אפֿן שניי. — און בראַגין האָט עטוואָס העכער זיך אָנגערופֿן: — כאָטש קאַפּיטאַן, דערלויבט מיר בלײַבן.

— מיט אַ פֿאַרוווּנדעטן פֿוס?!

— דער פֿוס וועט זיך אײַנגיכן פֿאַרהיילן. ס'איז גאָרניט. — און שטיקנדיק אין זיך דעם ווייטעק, האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ טופּע געטאָן מיטן קראַנקן פֿוס. — ס'איז גאָרניט. ס'וועט דורכגיין. כ'בין שוין פֿיר מאָל געווען פֿאַרוווּנדעט און נאָר איין מאָל געלעגן אין שפּיטאָל. איר קאָנט פֿרעגן בײַ אונדזער קאָמאַנדיר פֿון וזוואָד.

דער קאַפּיטאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף בראַגינען, און בראַגין האָט אינעם קאָמאַנדירס בליק איבערגעלייענט די האַסקאָמע. נאָכדעם האָט דער קאַפּיטאַן זיך פֿאַרקוקט אויפֿן זעקל מיט בריוו און אַ פֿרעג געטאָן:

— אַ גראַמעטנער?

— אַכט קלאַסן געענדיקט.

— אַזוי גאָר? נו גוט. ביזוואַנען איר וועט אײַנגאַנצן ווערן געזונט, וועט איר זײַן דער בריוונטרעגער.

פֿון יענעם טאָג זײַנען שוין דורך היפּשע עטלעכע וואָכן. דער פֿוס האָט זיך שוין קימאַט אינגאַנצן פֿאַרהיילט, און ער, וועלוול, באַשעפֿטיקט זיך נאָך אַלץ מיט דער פּאָסט. דער קאָמאַנדיר האָט דאָך אים באַשטימט פֿאַר אַ צײַטווײַליקן בריוונטרעגער, און אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר, אַז ער איז געוואָרן דער שטענדיקער בריוונטרעגער. פֿאַרוואָס? וועלוול בראַגינען האָט זיך געדוכט, אַז ס'זײַנען פֿאַראַנען אויף דעם גאָר אַנדערע סיבעס. לאַכלוטן ניט די, וועגן וועלכע ער ווייסט, און דאָס וויל ער פֿרעגן בײַם קאָמאַנדיר.

צווישן די פֿיל בריוו און פּאָסט-פּעקלעך, וואָס ער האָט איינמאָל באַקומען אין פֿעלדפּאָסט, האָט בראַגין דערזען אַ קליין אַרומגענייט קעסטעלע, אַן אַרומגעבונדנס מיט בלויע זײַדענע טאַשמעס. אויפֿן לײַוונט איז געווען אָנגעשריבן: „דעם סאַמע דרייסטן שלאַכטמאַן" און געכאַסמעט איז געווען „מאַריע פּאָליאַקאָוואַ".

דער וועג פֿון פֿעלדפּאָסט צום באַטאַליאָן האָט זיך געצויגן פֿאַרבײַ אַ געדיכט וועלדל, געווען איז די נאַכט אַ קאַלטע, אַ ווינטיקע. דער הימל געדיכט פֿאַרשאָטן מיט שטערן. פֿון צײַט צו צײַט האָט זיך אַהער דערטראָגן אַ פֿאַרטויבטער אָפּהילך פֿון אַן אויפֿרײַס. בראַגין איז געזעסן אין שליטן, די אָנגעלאָדענע ביקס געהאַלטן גרייט לעבן זיך און אונטערגעיאָגט דאָס פֿערד.

— א בריוונטרעגער, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, — ביז איך נאָר דעמלט, ווען ס'איז ניטאָ קיין שלאַכט.

דאָס פערד האָט זיך געשווינד געטראָגן איבערן פּאַרוויִיטן וועג און געלאָזן הינטער זיך רייכערן דעם זילבערנעם שניי. וועלוול האָט ווידעראַמאָל אַרויסגענומען פון אונטערן צודעק דאָס קליינע קעסטעלע און פּונסניי עס באַטראַכט.

„דעם סאַמע דרייסטן שלאַכטמאַן א מאַטאָנע פון מאַריע פּאָ-ליאַקאָוואַ". ווער ווייסט, עפּשער איז אָט דאָס מיידל אויך געבליבן אָט ווי ער. איינע אַליין פון א גאַנצער מישפּאָכע, און זי האָט פונעם לעצטן אָפּגעשפּאָרט, צונויפגעקליבן א מאַטאָנע פאַר יענעם רויטאַרמייער, וואָס צאָלט די דייטשן פאַר אירע אומגעקומענע טאַטע-מאַמע, פאַר אירע ברידער און שוועסטער.

און נאָך האָט וועלוול בראַגין דערביי געטראַכט:

— די לעצטע צייט ברענגט ער פאַר די שלאַכטלייט א סאַך בריוו פון אומבאַקאַנטע מיידלעך. אים, בראַגינען, האָט קיינער ניט געשריבן, און, אייגנטלעך, פאַרוואָס זאָל מען אים שרייבן?

דער געדאַנק, אַז באַם אָפּגעבן אָט דאָס פּעקל וועט דער קאָ-מאַנדיר אויסרעכענען אַלע פאַמיליעס פון די סאַמע דרייסטע שלאַכט-לייט אין באַטאַליאָן און אים, בראַגינען, וועט ער מיסטאַמע דערביי ניט דערמאָנען, האָט אים דעם גאַנצן וועג געפּייניקט.

— הייַנט נאָך וועל איך בעטן דעם קאָמאַנדיר, ער זאָל אַן אַנדערן באַשטימען אַף מיין אָרט.

אַפּגיך צעטיילט צווישן די שלאַכטלייט די בריוו, האָט בראַגין אָפּגעטראָגן דאָס פּעקל „פאַרן סאַמע דרייסטן שלאַכטמאַן" אין שטאַב. דער קאַפּיטאַן האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט דאָס קעסטעלע, האָט ווי אומגערן א קוק געטאָן אַפן בריוונטרעגער און זיך אָנגערופן:

— ווען דאָ זאָל זיין אָנגעשריבן „דעם סאַמע שיינעם", וואָלט איך שוין געוווּסט, פאַר וועמען איז אָט דאָס פּעקעלע, נאָר באַלד דאָ איז אָנגעשריבן „דעם סאַמע דרייסטן", דאַרף מען גוט א טראַכט טאָן. סאַמע דרייסטע זיינען בא אונדז פאַראַן זייער א סאַך. איר קאָנט גיין!

בראַגין האָט געוואָלט אָנהייבן אַרויסלייגן זיין ביטע, נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט ער באַשטימט אָפּלייגן עס אַף מאָרגן.

מיט דעם געדאַנק האָט ער זיך געלייגט שלאָפן. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך באַגינענע פון אַן אָפּטער שיסערייַ. דער סוינע האָט אַטאַקירט דאָס דאָרף.

דער בריוונטרעגער בראגינ האָט פארנומענ זײַנ אָרט אינ שלאכט. ווי שטענדיק האָט ער אויכ דאָס מאָל זיכ געפונענ אינ שכיינעס מיט זײַנ באָענטסטנ כאווער קאָנדאקאָוו. באַם שוויַיגעוודיקנ אלעקסיי-ענ האָט בראגינ זיכ געלערנט זײַנ קאלטבלוטיק אונ פלינק.

„אָט ווער ס'וועט באקומענ דאָס פעקל, — האָט וועלוול א טראכט געטאָנ, — אונ עפשער האָט ער עס שוינ באקומענ. נאָר פארוואָס באהאלט ער עס אויס פונ מיר? צי דענ קלערט ער, אז איכ האָב גאָר אנדערש אויסגערעכנט?"

וועלוול האָט אימ וועגנ דעמ געוואָלט א פרעג טאָנ, נאָר פלוצעמ האָט קאָנדאקאָוו זיכ א ריס געטאָנ פונ אָרט.

אונטער א געדיכטנ האָגל פונ קוילנ האָט אלעקסיי קאָנדאקאָוו געפויזעט צו דער הייכ, פונוואַנענ ס'האָט אָנ אופהער געשטעפט א פאשיסטישער קוילנוואַרפער. אינגיכנ האָט זיכ דערהערט אנ אופרײַס, אונ דער קוילנוואַרפער איז אנשוויגנ געוואָרנ. ס'זײַנענ דורכ עט-לעכע רעגעס, נאָר אלעקסיי קאָנדאקאָוו איז נאָכ אלץ געלעגנ אפנ זויבערנ שניי.

— אליאָשא, — האָט וועלוול צו אימ אויסגעשריִענ, — אליאָשא, — אונ וועלוול האָט אליינ ניט באמערקט, ווי ער האָט זיכ א ריס געטאָנ פונ אָרט אונ אינ א רעגע ארומ איז ער שוינ געווענ באַמ צופוסנס פונ דער הייכ. קאָנדאקאָוו איז געלעגנ מיטנ פּאָנעמ צומ בלויענ פראָסטיקנ הימל, די אויגנ ברייט צעעפנט, דאָס מויל צוגע-מאכט, אונ דער גרויער סאָלדאטישער שינעל אפ אימ — אויסגעווייקט אינ בלוט.

— אליאָשא...

אונ פלוצעמ, ווי עמעצער וואָלט אימ א הייב געטאָנ פונ אָרט, האָט וועלוול זיכ א ריס געטאָנ צו דער הייכ, אונ וואָס נעענטער ער האָט זיכ דערקליבנ צו די דײַטשישע שוצגראָבנס, אלץ שטארקער האָט ער אינ זיכ געפילט יענע קראַפט, וואָס טייט אָפּ אינ א סאָל-דאט די מוירע פארנ טויט. דאָס איז געווענ די קראפט פונ נעמענ נעקאָמע!..

נאָכ דער שלאכט האָט דער קאָמאנדיר ארויסגערופנ בראגינענ צו זיכ.

דער קאפיטאנ האָט עטלעכע רעגעס באטראכט דעמ בריוונטרעגער אונ ט'אימ איבערגעגעבנ דאָס קעסטעלע, וואָס איז געווענ ארומגע-בונדנ מיט זײַדענע טאשמעס. וועלוול האָט אופגעהויבנ אפנ קאָמאנ-דיר זײַנע טיפע הימל-בלויע אויגנ אונ געפרעגט:

— ווּעמענ זאָל איכ עס איבערגעבנ, כאווער קאפּיטאנ ?

— דעמ סאמע דרייסטנ שלאכטמאנ פונ באטאליאָנ.

— פאראנ דעמ סאמע דרייסטנ שלאכטמאנ פונ באטאליאָנ! ווּעמענ, כאווער קאפּיטאנ?

דער קאָמאנדיר האָט מיטנ זעלבנ באפעלערישנ קאָל, וואָס באַהאלט אונטער זיכ אויס פאָטערלעכע ליבע צו די רויטארמייער, געענטפערט :

— דעמ סאמע דרייסטנ רויטארמייער אינ הײנטיקער שלאכט.

— פאראנ דעמ סאמע דרייסטנ רויטארמייער אינ הײנטיקער שלאכט.

בראגינ האָט גענומענ דאָס פּעקל אונ שטיל געפרעגט :

— ווּעמענ ?

דער קאָמאנדיר האָט זיכ אופגעהויבנ. אפ זײנ קאלטנ פארוויג-טיקטנ פּאָנעמ האָט זיכ באוויזנ דער שמייכל, וואָס איז ביז איצט געלעגנ פארבאָרגנ אינ זײנע עטוואָס צונויפגעזשמורעטע אויגנ :

— דער סאמע דרייסטער רויטארמייער אינ הײנטיקער שלאכט איז דער בריוונטרעגער בראגינ. פילט אויס מײנ באפעל.

# סקילע

ווענ שעפטל צימבלער זאָל געווענ זײַנ א באָכער, וואָלט אימ, פאר־שטײט זיך, שטארק געארט, לעמײַ האלטנ די דאָקטוירימ, אז ער איז ניט אינגאנצנ צוגעפאסט צו דער מיליטערישער דינסט. נאָר שעפטל איז שוינ געווענ א מענטש אינ די יאָרנ, א טאטע פונ דערוואקסענע קינדער, אונ מוירע האָבנ, אז דאָס ווײַב זײַנס וועט זיך מיט אימ געזעגנ דערפאר, וואָס ער איז ניט אינגאנצנ צוגעפאסט צו דער מיליטערישער דינסט, האָט ער דאָס אוואדע ניט געדארפט. אײגנטלעכ, פארוואָס האָט מענ אימ צוגעפאסקנט אָט דעמ „ווױס"[1] האָט שעפטל ניט אָנגעהויבנ צו פארשטײנ. ער האָט זיכ, דאכט זיכ, פאר די דאָקטוירימ ניט באקלאָגט ניט אפנ הארצ, ניט אפ די לונגענ, ניט אפ דער ריע. ער איז ביכלאל געשטאנענ אונ געשוויגנ, אונ וואָס מע האָט אימ געהײסנ, דאָס האָט ער געטאָנ: געעטעמט טיפ אונ אינגאנצנ ניט געעטעמט, אופגעהויבנ די הענט אונ אראָפּגעלאָזנ די הענט, זיכ געשטעלט אפ די שפיצ פינגער אונ זיכ נאָכדעמ אראָפּ־געזעצט בײַנ סאמע דיל, אונ אז דער דאָקטער האָט אימ דערבײַ א פרעג געטאָנ: „אפ וואָס באקלאָגט איר זיכ?" — האָט אימ שעפטל דאנ געענטפערט: „אפ די יאָרנ. ס'וואָלט ניט געשאדט, איכ זאָל זײַנ א ביסעלע יינגער". אָט דאָס איז אלצ, וואָס ער האָט דעמלט געזאָגט די דאָקטוירימ. נאָר וואָס פאר א שײַכעס האָט עס צו א כאלאָס? אפּאָנעמ, אז דער אײנציקער מומ זײַנער איז זײַנ קלײנ־וווקסיקײַט, קימאט אפ א גאנצנ קאָפּ איז ער נידעריקער פונ זײַנ ווײַב, כאָטש זי איז אויכ ניט אזא שטאלטנע פרוי, מע זאָל זי דארפנ נעמענ פאר א מאָס.

— ווײַזט אויס, אז אלע קלײנוווקסיקע, — האָט שעפטל צימבלער זיכ אלײנ געגעבנ צו דערקלערנ, — ווערנ פארעכנט צו אָט דעמ „ווױס". פארוואָס זאָל איכ זײַנ אנ אויסנאמ? אונ צוריק גערעדט, וועט מיכ לאכלוטנ ניט ארנ, אז ס'וועט ניט זײַנ קײנ מילכאָמע, אונ איכ וועל ניט זײַנ קײנ סאָלדאט.

---

1 ווױס: — מיליטערישע ספעציאליטעט.

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז ווען אַ סאַך וווּקסיקערע און יינגערע פון אים זיַינען נאָך געזעסן אין דער היים, איז שוין שעפּטל צימבלער געווען אַ מאָבּיליזירטער.

— אָפּ דער מילכאָמע, — האָט מען אים געזאָגט אין וואָיענקאָ-מאַט, — דאַרף מען אויך האָבּן שניַידערס, ביפראַט גוטע שניַידערס.

פאַרכאַפּט מיט זיך פון דער היים די שניַידערשע שער, די מאָס, אַ האַלב צענדליק פינגערהוטן, אַ פּאָר טוץ נאָדלען, איז שעפּטל צו דער באַשטימטער שאָ געקומען אָפּן וואָקזאַל. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער שוין געווען וויַיט, וויַיט פון דער היים. אַ וועלט מיט מענטשן האָט ער שוין פאַר אָט דער ציַיט געטראָפן. מענטשן מיט היימישע רוקזעקלעך אָפּ די פּלייצעס, מיט פאַרדריַיגעטע פּענעמער און צווישן זיי — קיין איין באַקענטער.

ס'איז געווען אין די סאַמע ערשטע וואָכן פון דער מילכאָמע. די שלאַכטן זיַינען נאָך דעמלט געגאַנגען הינטער סמאָלענסק, הינטער פּסקאָוו.

צווישן די מאָבּיליזירטע, וועלכע זיַינען אַהער אָנגעקומען פון וויַיטע שטעט און דערפער, זיַינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען.

אַ טייל האָבּן געזאָגט, אַז יעדער איינער וועט זיך קאָנען אויסקליַיבּן אַ מיליטערישן פאַך. און פּונקט ווי מע וואָלט געווען זיכער, אַז אַזוי וועט טאַקע זיַין, האָט איינער מיטן אַנדערן זיך געקייצעט, ווו איז בעסער: אין דער קאַוואַלעריע צי אין דער פּעכאָטע, אין אַרטילעריע צי אין פלאָט. שעפּטל צימבּלער האָט זיך געהאַלטן באַ זיַינס. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיַין היימישן רוקזעקל, אין וועלכן ס'איז געלעגן זיַין שניַידערש געציַיג, און באַ דער מינדס-טער געלעגנהייט זיך נאָכגעפרעגט באַ די קאָמאַנדירן:

— ווען וועט זיך עפענען דער שניַידער-וואַרשטאַט?

— פּעטער, — האָט אים איינמאָל אַ יונגער רויטאַרמייער אַ ייִד אַ שלעפּ געטאָן אָן אַ זיַיט, — מאַכט זיך ניט נאַריש מיט איַיערע קאַשעס. מע האָט איַיך אַהער גערופן מילכאָמע האַלטן מיטן דיַיטש, און איר זוכט זיך אַ וואַרעמען וואַרשטאַט. ע, אַבי כ'האָב געמיינט, איר זיַיט אַ ייִד.

— ווער דען בין איך?

— וואָס פרעגט איר באַ מיר? פרעגט באַ זיך. אַז איך באַגעגן איצט אַ ייִדן, קוק איך אים אַריַין אין די הענט, כ'וויל זען אין די ייִדישע הענט אַ ביקס.

— כ'האָב אָבער קיינמאָל קיינ ביקס ניט געהאלטנ, — האָט שעפּטל זיכ גענומענ פאַרענטפערנ. — אַז בא מיר איז אזא „ווּס", אונ וואָס כאַר א „ווּס" איז בא אײַכ?

— בא מיר איז א ייִדישער „ווּס" — דער ערשטער, א סטרעלאָק!

אינ די ערשטע וואָכנ פונ דער מילכאָמע איז דאָס סאמע פאַרשפּרייטסטע וואָרט צווישנ די מאָבילליזירטע געווענ דאָס וואָרט „ווּס". פאַר די עטלעכע טעג האָט שעפּטל שוינ געוווּסט דעמ באטײַט פונ יעדנ נומער, ווי די נומערנ פונ די שפּולקעס באוול, וואָס זײַנענ בא אימ געלעגנ אינ רוקזעקל.

אינ יענע טומלדיקע וואָכנ פונ אָנהייב מילכאָמע האָט מענ קימאט יעדנ טאָג צונויפגעשטעלט נײַע צעטלענ, אונ וואָס יעדער איינער האָט וועגנ זיכ אָנגעגעבנ, דאָס האָט מענ פאַרשריבנ.

אינ איינעמ פונ אָט די טעג איז אינ לאגער געקומענ א פאָרשטייער פונ פראָנט, אונ מע האָט איבעראנײַס גענומענ איבערשרײַבנ די צעטלענ.

— אונ בא אײַכ? — האָט דער פאָרשטייער פונ פראָנט געפרעגט בא צימבלערנ.

— דער הונדערט פיר אונ דרײַסיקסטער, — האָט אָנשטאָט אימ עמעצער געענטפערט.

שעפּטל האָט זיכ האסטיק אומגעקוקט. דער ווּקסיקער באָכער, וואָס האָט פאַר אימ געענטפערט, איז פאַרשווּנדנ הינטער עמעצנס פּלייצעס. אינ אָט דער קורצער רעגע איז שעפּטל צימבלערנ געווענ ניט צו דערקאָנענ.

— בא מיר איז דער ערשטער „ווּס", — האָט ער מיטנ פולנ קאָל א זאָג געטאָנ. אונ שעפּטל צימבלער, וואָס האָט אַז זײַנ לעבנ קיינמאָל קיינ ביקס ניט געהאלטנ אינ די הענט, איז אינעמ זעלבנ טאָג אָפּגעפאָרנ אפּנ פראָנט.

אזוי האָט זיכ אָנגעהויבנ דער וועג פונעמ סאָלדאט שעפּטל צימבלער, וואָס האָט זיכ געשלאָגנ בא סמאָלענסק, אָריאָל, ראָסטאָוו, מאָזדאָק אונ באמ צופוסנס פונ די קאווקאזער בערג.

אַפּ דער מילכאָמע קומט אָפּטמאָל אויס, אַז א סאָלדאט זאָל זיכ אויכ פאַרנעמענ מיט זײַנ פריִערדיקנ פאַכ. אינ די פרײַע שאָענ פונ שלאכט נעמט ארויס א סאָלדאט זײַנ גאָלמעסער אונ עפנט אופּ בא זיכ אינ שוצגראָבנ א ראזירערײַ, א געוועזענעמ שוסטער קומט אויס פאַריכטנ די אייגענע אָדער דעמ כאווערס אָפּגעטראָגענע שיכ. קומט מענ שניט-צײַט ארײַנ אינ א דאָרפ, גייענ די געוועזענע דאָרפלײַט

אינ פעלד העלפנ אראָפנעמענ די גערעטעניש. שניידער זיצנ אויכ ניט ליידיק. בלויז שעפטל צימבלער האָט אויסבאהאלטנ זײַנ פאכ. ער האָט שוינ פונ לאנג אויסגעביטנ זײַנ שניידער-געצײַג אפ עטלעכע גלעזער מאכאָרקע, אונ זײַנע פינגער האָבנ זיכ צונויפגעלעבט מיטנ ציגל פונ דער ביקס, ווי אינ די פריערדיקע יאָרנ מיטנ פינגערהוט.

— שיסנ אינ לעבעדיקע דײַטשנ — דאָס איז איצט מײַנ איינציקער פאכ. דאָס איז דער סאמע בעקאָוועדיקסטער פאכ אפ דער וועלט, ביפראט פאר אונדז, יידנ. — האָט ער צו זיכ אליינ געזאָגט, אונ דערבײַ איז אימ געשטאנענ פאר די אויגנ יענער יידישער רויטאר-מייער „פונעמ ערשטנ „ווויס"", מיט וועלכנ ער האָט אינ די ערשטע וואָכנ פונ דער מילכאָמע זיכ געטראָפנ אינ רוסישנ וואלד.

פאר דער צײַט, וואָס צימבלער איז אינ טייל, האָבנ זיכ שוינ עטלעכע מאָל געביטנ די קאָמאנדירנ פונ זײַנ ראָטע. אונ יעדער נײַער קאָמאנדיר, אז ער האָט א קוק געטאָנ אפנ באיאָרטנ קליינ-וווקסיקנ רויטארמייער, האָט ער עפעס מאָדנע א קנייטש געטאָנ מיט די אקסלענ, ווי איינער רעדט: „גיי שלאָג דעמ דײַטש מיט אזעלכע סאָלדאטנ". נאָר נאָכ דער ערשטער שלאכט האָט דער קאָמאנדיר שוינ גאָר-גאָר אנדערש געקוקט אפ צימבלערנ. ער האָט אויכ גע-קנייטשט מיט די אקסלענ, נאָר דאָס קנייטשנ האָט שוינ באטײַט:

— ווי קומט צו אזא איינעמ אזא גוורע?

דער סאָלדאט שעפטל צימבלער איז ניט געווענ פונ די, וואָס רײַסנ זיכ די ערשטע ארײַנ אינעמ סוינעס דאָטנ אונ דזאָטנ אונ ווארפנ זיכ די ערשטע אינ אטאקע. נאָר אז ער האָט זיכ פארקליבנ אינעמ סוינעס שוצגראָבנ, האָט מענ אימ שוינ ניט געקענט אָפרײַסנ.

צוויי שעפטלענ זײַנענ געווענ. איינער — אינ צײַט פונ שטיל-שטאנד: א קליינוווקסיקער, א שטילער, מיט א שיטער געלבלעכ בערדל אונ שלעפעריקע אויגנ. נאָר אינ שלאכט איז געגאנגענ אנ אנדער שעפטל. גאָר-גאָר אנ אנדערער. אונ געווענ איז ער שוינ אינ זייער א סאכ שלאכטנ. צוויי מאָל געווענ פארוווּנדעט אונ ניט פארלאָזנ דאָס שלאכט-פעלד. נאָר אינ אויסשפיר איז ער נאָכ קיינ איינ מאָל ניט געווענ, מע האָט אימ נאָכ אפילע קיינ איינ מאָל ניט אָנגעמערקט צווישנ די, וואָס פלעגנ באקומענ באזונדערע פארגעבונ-גענ. אונ איצט, ווענ זײַנ טייל איז געשטאנענ אינעמ באפרײַטנ אאול, איז פאָרגעשטאנענ א דרייסטע אונ שווערע אָפעראציע. אינ די בערג האָט זיכ באוויזנ א דײַטשישער באטאליאָנ, וואָס איז געגאנגענ צו הילפ די דײַטשישע צעשלאָגענע טיילנ.

באקומענ א באפעל — ניט ארויסלאָזנ דעם סוינע פונ די בערג, האָט דער קאָמאנדיר פונ ראָטע אָפּגעקליבנ עטלעכע אונ פופציק רויטארמייער, די סאמע וווקסיקע, געזונטע אונ דרייסטע שלאכטלײַט פונ ראָטע. שעפטל האָט אפּריער געוווסט, אז אימ וועט דער קאָמאנ־דיר ניט ארויסקלײַבנ, אונ ער האָט זיך פונ דעם געפילט שטארק באליידיקט. דאָס פּאָנעם האָט אימ געברענט פאר בושע. ער האָט זיך געשעמט קוקנ זײַנע כאווירים אינ די אויגנ.

— אז אלע רוענ, — האָט ער זיך פאר זיי באקלאָגט. — דעמלט בינ איך אויך ניט קיינ אויסנאמ. נאָר ווענ ס׳איז פאראנ א מעג־לעכקײַט הארגענענ דעמ דײַטש, זאָל איך בלײַבנ זיצנ אינ אאול? פארוואָס?

אונ שעפטל צימבלער האָט באשטימט זיך ווענדנ צומ קאָמאנדיר.

— איך וויל אויך גיינ. איך מוז גיינ, כאווער קאָמאנדיר.

ער האָט אונטערגעוווּנקענ צו די יידישע רויטארמייער, וואָס האָבנ זיך געפונענ צווישנ די עטלעכע אונ פופציק אָפּגעקליבענע שלאכטלײַט, זיי זאָלנ אונטערהאלטנ, אונ מיט א טאָנ פונ א שטארק באליידיקטנ צוגעגעבנ:

— איר קוקט אפ מײַנ קליינעמ וווקס? אויב מע דארפ, וועל איך אפילע ארופקריכנ אָט אפ יענעמ בוימ, — אונ ער האָט געמאכט א טראָט אינ דער ריכטונג פונעמ הויכנ געדיכט צעוואקסענעמ בוימ, וואָס איז געשטאנענ באמ קלאָרנ טײַכל.

— אונ אז עס וועט אויסקומענ קלעטערנ אפ די בערג, זיך דערקלײַבנ העכער די וואָלקנס?

— איך ווייס, — האָט שעפטל רויק געענטפערט, — ס׳קאָנ זײַנ, אז ס׳וועט אונדז דאָרט אויסקומענ רײַסנ מיט די הענט די פעלדזנ.

דער קאָמאנדיר האָט פארכידעשט א קוק געטאָנ אפ צימבלערנ.

— פארוואָס ציט אײַך אזוי שטארק אפ אָט דער געפערלעכער אונ ריזיקאלער אָפּעראציע?

שעפטל האָט זיך א רעגע פארטראכט.

— בא אונדז אינ שטעטל איז געווענ אנ אלטער ייד, — האָט שעפטל ניט זיכער אָנגעהויבנ דערציילנ. — אז ס׳האָט זיך אָנגעהויבנ די מילכאָמע, האָט דער ייד געזאָגט: ס׳איז פאראנ א צײַט אפ קלײַבנ שטיינער אונ ס׳איז פאראנ א צײַט אפ ווארפנ שטיינער. גענוג שטיינער האָבנ מיר אָנגעקליבנ, כאווער קאָמאנדיר. איצט איז די צײַט, ווענ מיר דארפנ זיי אויסנוצנ, זיך באפרײַענ פונ זיי, אונ ווידער...

נאָר דער קאָמאַנדיר האָט מער ניט געהערט.

— רויטאַרמייער צימבלער, — האָט דער קאָמאַנדיר מיט א באַפעלערישן טאָן צו אים געזאָגט, — אין צוועלף מינוט ארום טרעטן מיר ארויס, גרייט זיך צו.

די זון איז נאָך געשטאַנען אין זעניט, ווען די עטלעכע און פופציק רויטאַרמייער האָבן זיך דערקליבן צו די בערג. פון יאַם האָט געבלאָזן א פייכער ווינט און געטריבן אפ מיירעוו די צעפליקטע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געפּרוווט באַזעצן אפ די שפּיצן פון די שטומע פעלדזן. די רויטאַרמייער זיינען געגאַנגען אפ דאָרעם לענגויס די בערג. צימבלער איז ניט אָפּגעשטאַנען. פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער בלויז איין מאָל פאַריסן דעם קאָפּ צו דער הייך. ער האָט מוירע געהאַט קוקן אהין, ווי ס'האָט מוירע א מענטש א קוק טאָן פון דער הייך אין דער נידער. ס'האָט זיך אים ניט געגלייבט, אז מע קאָן זיך דערקלייבן צו די שפּיציקע פעלדזן, וואָס האָבן זיך געטוקט אין די העלבלויע פאַרבייגייענדיקע וואָלקנס.

און אז די זון האָט זיך גענומען זעצן, איז דער קאָמאַנדיר געבליבן שטיין און זיך אָנגערופן צו די שלאַכטלייט:

— דאָרט, ווו ס'וועט דורכגיין א הירש, וועט אויך דורכגיין דער רוסישער סאָלדאַט, און דאָרט, ווו קיין הירש וועט ניט דורכגיין, וועט אויך דורכגיין דער רוסישער סאָלדאַט. נאָך מיר!

די צעבליטע ערד איז שוין געלעגן אין טיפן אָפּגרונט. נאָר צום שפּיץ פונעם פעלדזיקן בארג איז נאָך אלץ געווען ווייט, מעסוקן ווייט. וואָס העכער, אלץ שווערער איז געוואָרן צו קלעטערן. די הענט זיינען געווען צעבלוטיקט, די פּענעמער — בלייך פון מידקייט. אין די טיפע שפּאַלטן פון בארג האָבן געברוישט און געריזלט פרישע קוואַלן, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם זון־פאַרגאַנג. די רויטאַרמייער האָבן זיך געקאַראַבקעט אפ אלע פיר. א מינדסטער ניט פאָרזיכטיקער טראָט האָט געדראָט, מע זאָל זיך אַראָפּרייסן אין טיפן טהאָם אריין. דער קאָמאַנדיר פון ראָטע האָט אפ יעטווידן באַזונדער אכטונג געגעבן און די גאַנצע צייט ניט ארויסגעלאָזן פון אויג דעם רויטאַרמייער צימבלערן, וואָס האָט זיך באַמיט זיין צווישן די פאָדערשטע.

— פאָרזיכטיקער, היט די קויכעס, — האָט דער קאָמאַנדיר געוואָרנט.

נאָר שעפּטל האָט זיך אלץ געריסן צו די פאָדערשטע.

ס'איז נאָך געווען גוט ליכטיק, ווען די שלאַכטלייט האָבן זיך דערקליבן צום טיפן שפּאַלט, פונוואַנען ס'האָט זיך אָנגעזען דער

וועג. א שמאָל פאסיקל ערד האָט זיך געצויגנ אינ דער נידער. דער וועג האָט געפירט צומ יאם. דאָרט זיינענ איצט געגאנגענ די שלאכטנ.

דער קאָמאנדיר האָט אָפּגעקליבנ פונ דער גרופּע דרייסיק מאנ אונ געני דערקלערט דעמ פּלאנ פונ דער אָפּעראציע.

— קיינ איינ לעבעדיקער דייטש טאָר זיך ניט ארויסרייסנ פונ די בערג. ווי נאָר דער סיגנע וועט זיך באווייזנ, וועלנ די, וואָס גייענ מיט מיר, אימ פארצאמענ דעמ וועג מיט א שטיינער-געוואלגער. די דייטשנ וועלנ זיך א וואָרפ טאָנ צוריק. לאָזט זיי ניט ארויס, צאמט זיי איבער דעמ וועג אפ צוריק מיט א נייעמ שטיינער-געוואלגער, אונ נאָכדעמ קאָנט איר אויסלאָדנ אייערע אווטאָמאטנ אונ גראנאטעס.

דער קאָמאנדיר מיט די אָפּגעקליבענע דרייסיק רויטארמייער האָבנ זיך געלאָזנ אינ דער ריכטונג, פונוואנענ ס'האָט זיך געדארפט באווייזנ דער סיגנע.

שעפּטל צימבלער איז געבליבנ צווישנ די, וואָס האָבנ געגרייט דעמ צווייטנ שטיינער-געוואלגער.

די פיס ברייט פאנאנדערגעשטעלט, ווי מוירע האָבנדיק צו פאר-לירנ דאָס גלייכגעוויכט, האָבנ די רויטארמייער זיך גענומענ אונ-טערגראָבנ דעמ שפּיציקנ טונקעלנ פעלדז, וואָס איז ווי א וואָלקנ אראָפּגעהאנגענ איבערנ וועג. געארבעט האָט מענ גיך אונ פאָרזיכטיק. געמיט זיך אזוי לאנג, ביזוואנענ מע האָט דערפילט דעמ ערשטנ ציטער פונעמ אונטערגעגראָבענעמ פעלדז. שעפּטלענ האָט זיך אויס-געדוכט, אז דער גאנצער בארג האָט זיך א וויג געטאָנ אונ אז ער שווימט צוזאמענ מיט די וואָלקנס אירער דער פרי-אָוונטיקער געגנט, באגלייך מיט אלעמענ האָט זיך שעפּטל געהאלטנ אפ א געוויסער שטרעקע פונעמ אונטערגעגראָבענעמ פעלדז. ס'איז גענוג געווענ איינ געהעריקער שטויס, אז דער פעלדז זאָל זיך א טראָג טאָנ אינ דער נידער אונ מיטשלעפּנ מיט זיך די צונויפגעוואקסענע הרודעס שטיינער אונ די מענטשנ.

די שטילקייט אונטער די וואָלקנס האָט אינ זיך געטראָגנ דעמ אומרו פונ אלצ, וואָס עס קומט פאָר דאָרט אפ דער ערד. ס'איז געוואָרנ ווינטיק. די רויטארמייער האָבנ זיך געקוקט אינ די שינעלנ אונ זיך ווידער אוועקגעזעצט ווארטנ. באמ אונטערגעגראָבענעמ פעלדז זיינענ געבליבנ זיבנ בלויז עטלעכע רויטארמייער. יעדער איינער פונ זיי איז געווענ ארומגעבונדנ מיט א שטריק. דעמ צווייטנ עק שטריק האָבנ געהאלטנ עטלעכע מענטשנ, עס זאָל דער שטיינער-געוואלגער ניט מיטשלעפּנ זייערע כאווייריִמ אינ טהאָמ.

שעפּטל צימבלער איז געלעגן מיטן פּנים צו די פאַרבײַגייענ-דיקע וואָלקנס. מיטאמאָל האָט די ערד אונטער אים א ציטער גע-טאָן. ס'האָט זיך מיטאמאָל דערהערט א רויש. דער רויש איז וואָס ווײַטער געוואָרן אלץ שטארקער, ווי דער רויש פון א מעכטיקן וואסערפאַל.

— זיך צוגרייטן, — האָט איינער פון די צוגעבונדענע רויט-ארמייער אויסגעשריִען. — דער סוינע!

שעפּטל צימבלער האָט זיך ארויסגעוויקלט מיט דעם שטריק און איז צוגעגאנגען צום אונטערגעגראָבענעם פעלדז. אפן שמאָלן פּאס־קל ערד, וואָס האָט זיך געשווארצט אין דער נידער, האָט ער דערזען סילועטן פון מענטשן.

— מיר וועלן ניט פארשפּעטיקן? — האָט ער מיט אימפּעט עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט, — א?

ער האָט מיט אלע קויכעס זיך אָנגעשפּארט אינעם אונטערגע-גראָבענעם פעלדז. א מינוט, צוויי, דרײַ און דאָרט, ווו ס'האָט געשטארצט א טונקעלער מאטאָווער פעלדז, האָט איצט געזאָדן די ערד. הרודעס צעשאָטענע שטיינער האָבן מיט א האסטיקער גיכקײַט זיך געטראָגן אין טהאָם. שעפּטלען האָט זיך געדוכט, אז די שטיינער רײַסן זיך ארויס פון די סאמע טיפענישן. דער בארג העלפט שלאָגן דעם סוינע.

די ווײַטארמייער זײַנען געלעגן באַם סאמע ראנד און אויסגעלאָדן אפן סוינע די אווטאָמאטן און גראנאטעס. שעפּטל צימבלער האָט ניט געשאָסן. ער האָט אפן בארג צונויפגעקליבן שטיינער און זיי געשלײַדערט אף די צעטומלטע באוואָפנטע דײַטשן. ס'האָט זיך גע-דאכט, אז גופע פון זיך אליין רײַסט ער ארויס די שטיינער, און אי-בער דער גאנצער ווײַט האָט זיך געהערט זײַן מעכטיקע שטים, וואָס האָט באגלייט יעדן אראָפּגעשלײַדערטן שטיין אפן קאָפּ פונעם סוינע:

— סקילע! סקילע!

# איר צווייטער זונ

די צוויי אונטערשטע שטאָקנ פונעמ דרײַגאָרנדיקנ מויער אפ אײנער פונ די סטאַלינגראַדער גאַסנ זײַנענ געווענ בא די דײַטשנ, אפנ דריטנ שטאָק האָבנ זיכ געפונענ זעקס סאָוועטישע גווארדייער.

די בלוטיקע שלאַכט פארנ מויער האָט זיכ געצויגנ פונ סאמע באגינענ ביז שפּעט אינ אָוונט. צווישנ די זעקס גווארדייער, וואָס זײַנענ אומגעקומענ אינעמ ניט גלײַכנ קאַמפּ, איז אויכ געווענ וויקטאָר פאווראָז — דער ליבלינג פונ דער ערשטער ראָטע. אינ קעשענע פונ זײַנ גימנאַסטיאָרקע האָט דער קאָמאַנדיר פונ ראָטע געפונענ א בריוו. לויט אַלע סימאָנימ איז געווענ צו זענ, אז דער בריוו ליגט שוינ בא אימ לאַנג, זייער לאַנג. אפנ דרײַעקיקנ שטארק צעקנייטשטנ קאָנווערט איז מיט גרויסע בוכשטאבנ געווענ אָנגע-שריבנ: „דער מוטער פונעמ רויטארמייער דאָוויד רודניק".

ס'איז שוינ געווענ נאַכט, נאָר אפ יענער זײַט פענצטער איז ווי אינמיטנ העלנ טאָג געווענ ליכטיק פונ די צעבושעוועטע סרייפעס. ס'האָבנ געברענט עטלעכע גאַסנ פונ שטאָט, דאָס פײַער פונ די אַרומיקע מויערנ האָט באַלויכטנ די פענצטער פונ די אומ-געקומענע זעקס העלדנ. ווי אויסגעהאַקט פונ שטיינ זײַנענ מיט די ביקסנ אינ די הענט געשטאַנענ די רויטאַרמייער, וואָס האָבנ די אונטערשטע שטאָקנ נאָרוואָס באַפרײַט פונ די דײַטשישע אווטאָמאַט-לער. אונ גרויזאַמ איז אינ אָט דער רעגע געווענ זייער שווײַגנ. לעבנ פענצטער איז געשטאַנענ דער קאָמאַנדיר פונ ראָטע אונ אפ א קאָל פאָרגעלייענט דעמ בריוו, וואָס דער גווארדייער וויקטאָר פאווראָז האָט ניט באַוויזנ אָפּשיקנ.

„טײַערע מוטער פונ מײַנ כאַווער דאָוויד רודניק!

אָנדערהאַלבנ יאָר זײַנענ שוינ אַדורכ, זינט איר האָט פונ אײַער איינ-אונ-איינציקנ זונ, דאָווידנ, ניט געהאַט קיינ שומ גרוסנ. יעדנ טאָג קוקט איר אַרויס אפנ בריוונטרעגער — עפּשער ברענגט ער אײַכ א גרוס פונעמ זונ. איכ ווייס, אז איר וועט וואַרטנ אפ זײַנע בריוו אפילע נאָכ דעמ, ווי די מילכאָמע וועט זיכ ענדיקנ. וויפל מוטערס

װעלנ דעמלט װארטנ אפ זײערע קינדער, אונ קינדער אפ זײערע טאטעס, אונ איר, טײַערע מאמע פונ מײַנ בעסטנ כאװער דאָװידנ, װעט אױכ זײַנ צװישנ זײ. איר װעט זיכ אױכ גרײטנ באגעגענענ אײַער זונ. עפשער איז טאקע בעסער, װאָס ביז איצט װײסט איר נאָכ ניט װעגנ זײַנ אומקומ. כ'האָב אָבער מורע, אז קײנער כוצ מיר װעט אײַכ נאָכדעמ ניט קאָנענ דערצײלנ, װי איז אײַער זונ, װיאַזױ האָט ער זיכ קעגנ סוינע געשלאָגנ פאר אונדזער לאנד, װיאַזױ איז ער אומגעקומענ, אונ דערפאר האָב איכ זיכ געזעצט אײַכ אָנשרײַבנ דעמ דאָזיקנ בריװ. דערװײַל װײס איכ נאָכ ניט אײַער אדרעס, כ'װײס ניט אײַער נאָמענ. איכ װײס בלױז, אז ביז דער מילכאָמע האָט איר געװױנט אינ סקװירע. װוהינ האָט איר זיכ פונ דאָרט עװאקויִרט, האָט אײַער דאָװיד ניט באװיזנ זיכ צו דערװיסנ, װײַל אומגעקומענ איז ער דעמלט, װענ איר זײַט נאָכ מיסטאמע געװענ אינ װעג. אױב איכ װעל ניט קאָנענ אָפזוכנ אײַער נײַעמ אדרעס, װעל איכ דעמ דאָזיקנ בריװ אָפשיקנ קײנ סקװירע, װי נאָר מיר װעלנ באפרײַענ אײַער הײמ. אונ אױב איכ װעל צו יענער צײַט פאלנ אינ שלאכט, װעלנ עס מײַנע כאװײרימ פאר מיר טאָנ.

מיט אײַער זונ דאָװידנ האָב איכ געדינט אינ אײנ טײל.

אונדזער טײל איז געשטאנענ אינ מאָלאָדעטשנע, א שטעטל ניט װײַט פונ מינסק. דאָװיד איז געװענ ייִנגער פונ מיר, נאָר אינ אונדזער ראָטע האָבנ זיכ צו אימ אלע באצױגנ װי צו אנ עלטערנ כאװער. מיר האָבנ אימ ליב באקומענ פאר זײַנ ערלעכקײַט אונ דרײסטקײַט.

מיר זײַנענ מיט אימ שטארק נאָענט געװאָרנ נאָכ אײנער א שלאכט, װענ אײַער דאָװיד, װאָס איז אלײנ געװענ פארװונדעט, האָט מיכ, א פארװונדעטנ, ארױסגעטראָגנ אפ זיכ פונ אונטערנ סאמע פײַער.

„אינ שלאכט דארפ אײנער דעמ אנדערנ פארבײַטנ א מאמע״, האָט ער צו מיר דעמלט געזאָגט. דאנ האָב איכ דערפילט, װי שטארק ער האָט אײַכ ליב געהאט, טײַערע מוטער פונ מײַנ כאװער דאָװידנ.

אינ טײל האָט מענ אונדז גערופנ די ברידער רודניק. יאָ, מיר האָבנ געלעבט צװישנ זיכ װי לײַבלעכע ברידער — זיכ צוגעדעקט מיט אײנ פאלאטקע, געגעסנ פונ אײנ קעסעלע, געטרונקענ פונ אײנ פליאגע, אונ אײנער פארנ אנדערנ אײַנגעשטעלט דאָס

לעבן. אין שוצגראָבן זײַנען מיר שטענדיק געווען צוזאַמען, איך אויסשפיר געגאַנגען צוזאַמען. אַ גלענצנדער אויסשפירער איז ער געווען. מער האָב איך אַזעלכע דרײַסטע ניט באַגעגנט.

אומגעריכט האָבן מיר זיך צעשיידט.

ווען מיר זײַנען געשטאַנען הינטער טשערניגאָוו, בין איך פּלוצעם קראַנק געוואָרן. אײַער דאָוויד איז דאַן עטלעכע מאָל גע-גאַנגען אין אויסשפּיר אָן מיר. דאָס לעצטע מאָל איז ער מיט עטלעכע רויטאַרמייער אַוועק צום סוינע אין הינטערלאַנד און זיך שוין צוריק מער ניט אומגעקערט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אונדזער טייל אַריבער אין אָנגריף. אין איינעם אַ באַפרײַטן דאָרף האָבן מיר אויפן מאַרק-פּלאַץ געטראָפן אונדזערע אויסשפּירער. נאַקעטע, פאַרפּײַניקטע זײַנען זיי געלעגן אויסגעלייגט ווי אַ שטערן. די פיס און הענט זײַנען בײַ זיי געווען צוגעקאָוועט צו דער ערד מיט פאַרשפּיצטע הילצערנע שטענגלעך. בײַ איינעם פון זיי איז מיט אַ שפּיז געווען אויסגעקריצט אויפן לײַב אַ זעקס-עק (אַ ייִדישער רויטאַרמייער פון אונדזער טייל האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מאָגנדאָוויד), און אויפן שטערן בײַ אים איז מיט גרויסע דײַטשישע אותיות געווען אויסגעשניטן „יודע".

כ'האָב אינעם פאַרפּײַניקטן רויטאַרמייער קוים דערקאָנט דאָווידן. וויינט ניט, טײַערע מאַמע. געדענקט, אַז אין מײַנע הענט האַלט איך אַ ביקס און פאַר מײַנע אויגן שטייט שטענדיק דאָווידס פאַר-פּײַניקטער קערפּער.

איך פאַרשטיי, ליבע, טײַערע מאַמע, אַז אין אײַער האַרצן קאָן איך אײַך ניט פאַרבײַטן אַ זון. ס'איז אומעגלעך. נאָר דאָ אויפן שלאַכט-פעלד פאַרבײַט איך אײַער דאָווידן ווי אַ לײַבלעכער ברודער, איך פאַרשעם ניט זײַן העלדישן נאָמען.

מײַן איינציקער פאַרלאַנג, ליבע, האַרציקע מאַמע, איז..."

אויף דעם האָט זיך איבערגעריסן דער ניט פאַרענדיקטער בריוו, וואָס וויקטאָר פּאַווראַז, דער פאַרטיידיקער פון סטאַלינגראַד, האָט ניט באַוויזן אָפּשיקן.

# דער טײַל־אָװיװער װײַנגערטנער

אינ א הייסנ זומער-אָװנט האָבנ מיר זיכ אָפּגעשטעלט אַפּ נאכט-לעגער אינ שכיינעס מיט א גרויס האלב-כאָרעװ דאָרפ, װאָס האָט זיכ אויסבאהאלטנ אינ א טיפער באלקע.

פונ סאמע קאָברינ, פונװאנענ אונדזער פּאָלק איז אָפּגעטראָטנ, האָבנ מיר זיכ נאָכ קיינ איינ מאָל ניט אויסגעטאָנ, װי געהעריק, זיכ נאָכ ניט אײַנגעװאשנ אונ מער װי צװיי-דרײַ שאָ אינ מעסלעס איז אונדז ניט אויסגעקומענ שלאָפנ. באקומענ א באפעל, אז מיר װעלנ זיכ דאָ פארהאלטנ ביז באגינענ, האָבנ מיר געשװינד אראָפּגעװאָרפנ פונ זיכ די גרויע „קאטקעס“ אונ פארשטויבטע רוקזעקלעכ, די רימענס מיטנ אָנגעהאנגענעם קליזײַענ אונ זײַנענ צוגעפאלנ צו דער אָנגעגליטער ערד, װי דורשטיקע װאנדערער צו א זויבערנ קװאל. נאָכ אזוי פיל דורכגעגאנגענע קילאָמעטער זײַנענ אונדזערע פּענעמער געװענ שװארצ, די ליפּנ צעשפּאָלטנ, װי די אָפּגעטראָגענע שיכ, װעלכע מיר האָבנ איינער באם אנדערנ מיט גרויס מאטערניש קוים אראָפּגעשלעפּט פונ די געשװאָלענע פיס. טויט-מידע, אויסגעהונגערטע, פארשמאכטע, האָבנ מיר אינ אָט דער רעגע געטרוימט בלויז װעגנ שלאָפ...

געװענ איז שוינ סאָפּ טאָג, נאָר די זונ האָט נאָכ אלצ געברענט—סאקאָנעס. די לופט—פול מיט געדיכטנ שטויב, װעלכנ מיר האָבנ, גייענדיק אהער, אופגעהויבנ אפּנ װעג. אינ אונדזערע פליאגעס—קיינ טראָפּנ װאסער. מיט צוגעמאכטע אויגנ אונ בּרייט-צעעפנטע מײַלער זײַנענ מיר געלעגנ אונטערנ אָפענעמ הימל אונ געװארט אפּנ קילנ אויסשיט פונ שטערנ, געלעכצט נאָכ א פרישנ שלאקסרעגנ. װי אפּ צולאָכעס איז דער הימל געװענ דורכזיכטיק רייננ. א בלויע לויטערע הייכ אָנ א סימענ פונ װאָלקנ, אונ די זונ האָט אזוי אומראכמאָנעסדיק געברענט...

אופגעכאפּט האָבנ מיר זיכ ארומ האלבער נאכט פונ נאָענטע הילכיקע אופרײַסנ. א רעגע—אונ מיר זײַנענ שוינ געװענ אינ פולער שלאכט-גרייטקײַט.

10—2649

Ло-жи-сь! —

מיר האָבנ זיכ אויסגעלייגט אַפ דער ערד אונ נאָכגעשפּירט נאָכנ סוידעספּולנ אויסגעשטערנטנ הימל. אונדזערע זעניטקעס האָבנ געעפנט אַ פײַער, נאָכ יעדנ זאלפּ זײַנענ, דאכט זיכ, ווייניקער שטערנ געבליבנ אינ הימל. אונ אינ די געקרײַזלטע וואָלקנדלעכ רויכ האָט זיכ אויסגעבאהאלטנ אַ האלבע דערשראָקענע לעוואָנע. מיט אַ האסטיקער גיכקײַט האָט נידעריק איבער אונדז זיכ דורכגעטראָגנ אַ דײַטשישער עראָפּלאַנ אונ איז פארשוואונדנ אינ דער ריכטונג פונ וואלד, וואָס האָט זיכ געשווארצט באַמ האָריזאָנט. אינגיכנ האָט דער עראָפּלאַנ זיכ ווידער באַוויזנ. דאָס מאָל איז ער געפלויגנ גאָר נידעריק. די ערד אונטער אונדז האָט ווי באַ אַנ ערדציטערניש זיכ אַ וויג געטאָנ פונ די אראָפּגעוואָרפענע שווערע באָמבעס. ניט ווײַט פונ מיר האָט עמעצער צוויי מאָל נאָכאנאנד אויסגעשאָסנ פונ אַ ביקס. פּלוצעמ איז אַ שטיק הימל געוואָרנ ליכטיק, מיר זײַנענ געשווינד אוועקגעלאָפנ צומ אָרט, וווהינ ס׳איז מיט אַ משוגענער גיכקײַט געפאלנ דער אראָפּגעשאָסענער באָמבארדירער.

ווענ מיר האָבנ זיכ אומגעקערט צוריק, האָבנ מיר ניט ווײַט פונ וואלד געטראָפנ אַ יונגנ רויטארמייער. ער איז געשטאנענ אָנ-געשפּארט אַפ זײַנ ביקס אונ באַמ שײַנ פונ דער ארויסגעשווומענער לעוואָנע ארײַנגעקוקט אינ אַ קליינ סייפערל.

— וויפל?

זײַנ פראגע האָט אונדז אלעמענ פארוואונדערט.

כ׳האָב זיכ אײַנגעקוקט אינ זײַנ טונקל-מאטעווונ געזיכט אונ האָב אינ אימ דערקאָנט דעמ רויטארמייער, וועלכער האָט אראָפּגע-שאָסנ דעמ באָמבארדירער.

— וויפל? — האָט ער ווידעראמאָל געפרעגט.

— וויפל? דאכט זיכ, אז דער, וואָס טרעפט אזוי פּינקטלעכ אינ אַנ עראָפּלאַנ, איז ניט קיינ בלינדער. אלנפאלס מער ווי איינ עראָפּלאַנ ניט...

— דאָס ווייס איכ אליינ. כ׳פרעג, וויפל געהארגעטע פאשיסטנ אינעמ אראָפּגעשאָסענעמ באָמבארדירער?

— פיר.

— ווייניק, ווייניק.

ער האָט עפּעס פארשריבנ אינעמ סייפערל אונ שטיל צו זיכ געזאָגט:

— נײַנ אונ פערציק אונ פיר וועט זײַנ דרײַ אונ פופציק. ווייניק. זייער ווייניק. — אונ ניט אומקוקנדיק זיכ צו אונדז, האָט ער אוועקגעשפּאנט אינ דער ריכטונג צו די פארלאָזענע געלעגערס.

— דא. אָט דאָס איז א סאָלדאט, נאסטאָיאשטשי רוסקי סאָלדאט, — האָט עמעצער א זאָג געטאָנ.

— קאָנסט אים?

— ניע. ער איז ניט פונ אונדזער ראָטע. נאָר אנ עכטנ סאָלדאט דערקאָנט מענ פונ דער ערשטער מינוט, דא.

אינ הימל האָבנ רויִק געפינקלט ווײַטע שטערנ. דער געדיכטער וואלד האָט שטיל גערוישט. די ווונדערלעכע זומער-נאכט האָט אינ אונדז געוועקט נאָענטע טיפ־פארבאָרגענע דערמאָנונגענ. ס'איז ערשט די דריטע וואָכ, ווי מיר האָבנ פארלאָזנ די היימ, די דריטע וואָכ, אז מיר זײַנענ סאָלדאטנ. מיר האָבנ געפילט, אז דער שלאָפ וועט זיכ שוינ הײַנט צו אונדז ניט אומקערנ. באלד עס שלאָפט זיכ ניט, איז אינ אונדזער באטאליאָנ געוועג אײַנגעפירט א מינהעג: דערציילנ מײַסעס. וויפל פאָלקס-געשיכטעס האָבנ מיר זיכ שוינ דאָ פאר דער צײַט אָנגעהערט, אונ מאָדנע: אלע מײַסעס האָבנ זיכ שטענדיק געענדיקט מיט א גוטנ סאָפ.

ביסלעכווײַז איז ארומ אונדזער געלעגער אויסגעוואקסנ א גרויס רעדל, ס'האָט זיכ אויכ צוגעזעצט דער רויטארמייער, וואָס האָט פונ א געוויינלעכער ביקס אראָפגעשאָסנ דעמ פאשיסטישנ באָמבארדירער. בא דער העלער שײַנ פונ לעוואָנע האָב איכ דערזענ זײַנע ברייט צעעפנטע אויגנ. גרויסע, שווארצע אויגנ. געקוקט האָט ער צומ וואלד, וואָס האָט זיכ צונויפגעגאָסנ מיטנ האָריזאָנט. זײַנ בליק, א טיפער אונ קלוגער, איז איינצײַטיק געווענ אי מילד אי שטרענג. זײַנ טונקל מאטעוו געזיכט האָט פארמאָגט אנ אייגנשאפט — ארויסרופנ צו זיכ צוטרוי אונ ליבע. אזא פּאָנעמ פארגעדענקט זיכ אפ יאָרנ. א ביסל שפּעטער האָב איכ באמערקט: זײַנע אויגנ צווינגענ, מע זאָל זיכ אפ זיי פארקוקנ, אונ קוקט מענ זיכ אינ זיי אײַנ, דערפילט איר, אז אָט די אויגנ האָבנ שוינ געזענ אזוינס, וואָס איבערגעבנ עס מיט ווערטער איז אומעגלעכ. עפשער דערפאר איז ער אזוי קארג אפ רייד. מיר האָבנ דערפילט א באדערפעניש זיכ נעענטער מיט אימ באקאנענ. דערווײַל ווייסנ מיר בלויז, אז זײַנ פאמיליע איז צארמאנ, אז אינ אונדזער פאָלק געפינט ער זיכ ערשט די אנדערע וואָכ, אז ער איז שוינ געווענ פארוווּנדעט אונ זיכ אָפגעזאָגט פארלאָזנ די פּאָזיציעס. הײַנט באנאכט האָבנ מיר זיכ דערוווּסט, אז אָט דער באָכער איז ביז גאָר רויִק אינ צײַט פונ געפאר אונ פארמאָגט א זעלטנ טרעפלעכ אויג. נאָר ווער איז ער, פונוואנענ איז ער, דאָס ווייסנ מיר ניט. מיר, וואָס געפינענ זיכ אינ

דעם דאָזיקן שיסער-פּאָלק פון דעם סאמע ערשטן טאָג מילכאָמע, ווייסט איינער וועגן דעם אנדערן א סאך מער, ווי יעדער איינער באזונדער ווייסט וועגן זיך אליין. מיר האָבן איינער דעם אנדערן דערקאָנט אין די בלוטיקע שלאכטן בא קאָברין, אין די מינסקער בלאָטעס, אין די לונינעצער זאמדן. א ברודער מיט א ברודער פון איין טאטע-מאמע זיינען צווישן זיך ניט אזוי באהעפט ווי א שלאכט-מאן מיט א שלאכטמאן.

— ווי רופט מען דיך? — האָט עמעצער א פרעג געטאָן באם רויטארמייער, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסן אונ געשוויגן.

— אפ יידיש שלוימע, אפ רוסיש סאָלאָמאָן. ווי איר ווילט, קאָנט איר מיך רופן.

— וואָס פאר א ביכעלע האָסטו עס געלייענט אנטקעגן דער לעוואָנע?

— ס'א נאָטיצ-ביכל. אהין פארשרייב איך מיין פארדינסט.

ער האָט אונדז א רעגע באטראכט אונ צוגעגעבן:

— אויב איר ווילט ניט שלאָפן, וועל איך אייך דערציילן די געשיכטע פון אָט דעם נאָטיצ-ביכל.

אונ אין זיינע הענט האָבן מיר ווידעראמאָל דערזען דאָס זעלבע סייפערל, מיט וועלכן מיר האָבן אים געטראָפן שטיין באם ראנד פון וואלד.

— פון פאלעסטינע בין איך, — האָט שלוימע שטיל אָנגעהויבן דערציילן, — פון א יישעוו הינטער טייל-אָוויוו. דאָרט בין איך געווען א ווייַנגערטנער. א וואָך פינף פאר דעם, ווי די דייטשן זיינען אָנגע-פאלן אפ פוילן, בין איך אראָפּגעפאָרן אין געסט צו מיינע עלטערן קיין כעלעם, ניט קיין גרויסע שטאָט אין פוילן. מיין טאטע, ווער ווייסט, צי לעבט ער, איז שוין א מענטש פון איבער די זעכציק, א סויפער איז ער געווען, אונ איך, זיין יינגסטער זון, בין געווען א ווייַנגערטנער.

שלוימע צארמאן האָט אוועקגעלייגט צו זיך אפ די קני די ביקס, אונ כ'בין געווען זיכער, אז אויסער דער ביקס האָט ער אין יענער רעגע מער קיינעם ניט געזען.

די גאנצע צייט, וואָס ער האָט דערציילט, האָט ער ניט אָפּגעריסן די אויגן פון דער ביקס, זיך געווענדט מער צו איר ווי צו אונדז:

— איך האָב זיך שוין געהאט געקליבן אהיים, קיין טייל-אָוויוו, אונ דאָ האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע. דריי כאדאָשים מיט פינף טעג בין איך אָפּגעווען באם דייטש, זעקס אונ נייַנציק טעג אונ נעכט באם דייטש! וואָס ווייסט איר...

עטלעכע רעגעס איז געווען שטיל און — פּלוצעם!

— בעטער אומקומען אין שלאכט, איידער איין טאָג אין גע־פאנגענשאפט באם דײַטש!

אין זיבן שטים האָבן מיר דערפילט א מעכטיקן צאָרן.

— מיט אָט די הוילע הענט האָב איך געריינִיקט זייערע קלאָזעטן. מײַן טאטע איז געווען א סויפער, האָבן די דײַטשן געצווונגען מײַן טאטן טרעטן איבער די הייליקײַטן. אָ, ווען איך וואָלט דענסטמאָל געהאט געווער!

זײַנע הענט האָבן זיך אינסטינקטיוו א צי געטאָן צו דער ביקס.

— אין דער נאכט פון נײַ־יאָר האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז ס'גרייט זיך א שכיטע. גיין אַליין זיך לייגן אונטערן כאלעף?.. האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט עטלעכע יונגעלײַט — אנטלויפן. פארן פארלאָזן די היים האָט דער טאטע מײַנער מיר אוועקגעלייגט אפן קאָפּ זײַנע אויסגעטריקנטע הענט און מיך געבענטשט:

„לויף, מײַן קינד, קיין רוסלאנד, — האָט ער צו מיר געזאָגט, — ווײַל פון דאָרט דארף קומען אפ דער וועלט די גאולע. ערעצ־יִסראָעל, מײַן קינד, איז איצט דאָרט, ווו מע ווערט פארטיליקן די ראָצכים פון יִסראָעל. ביסט געווען א ווײַנגערטנער, און איצט, מײַן קינד, זאָלסטו ווערן א העקער, שנײַדן זאָלסטו זיי, די מערדער פון דער וועלט, ווי דו פלעגסט בא זיך אין דער היים שנײַדן ווײַנטרויבן. זײַ וויסן, מײַן זון, אז אונדזערע אָוועס־אווויסיינו האָבן זיך געקאָנט שלאָגן, נאָך איידער זיי האָבן געפלוצט די ערד. און ווי גאָט האָט בא זיך ניט געפונען קיין ראכמים צו די רעשאָיִם פון סדוים, אזוי זאָל זיך אויך בא דיר ניט געפינען קיין ראכמאָנעס צו די דײַטשן. גיי, מײַן קינד, און זאָל דיר שײַנען אין וועג און אין שלאכט מײַן בראָכע".

— כ'בין אוועק דורך וועלדער און זומפּן. אָן עסן, אָן שלאָף זײַנען מיר געגאנגען און געגאנגען. וווהין? קיין ווילנע. פון ווילנע האָב איך זייער לײַכט געקאָנט פאָרן צו זיך אהיים, קיין טייל־אָוויוו. ווי איר זעט, בין איך געבליבן. פארוואָס? פון ווילנע איז נעענטער צו בעדלין ווי פון יאָרדן. כ'האָב זיך געגרייט ווערן א סאָלדאט. כ'האָב אין ווילנע זיך געלערנט שיסן. און אז די דײַטשן זײַנען אָנגעפאלן אפ אײַער לאנד, בין איך דעם ערשטן טאָג אוועק אפן פראָנט.

שלוימע צארמאן האָט שווער אָפּגעעטעמט און קימאט אויסגע־שריִען:

— א גרויסער באלכויוו ביז איך דעם דײַטש.

— און וואָס פאר א געשיכטע האָסטו עס אונדז געוואָלט דער־
ציילן וועגן נאָטיץ-ביכעלע?

— אין אָט דעם ביכעלע פיר איך דעם כעזשבן. דרײַ און
פופציק געהארגעטע דײַטשן.

צארמאַן האָט נאָך נעענטער צוגערוקט צו זיך די ביקס און
זיך געווענדט צו אונדז:

— אויב איך וועל אומקומען, זאָלט איר אָט דאָס ביכעלע אָפּ-
שיקן קיין טייל-אָוויוו.

— רויטארמייער צארמאַן! צום קאָמאנדיר פון פּאָלק!

שלוימע האָט זיך אופגעהויבן, אָנגעטאָן די ביקס אפן אקסל
און איז אוועק מיט זײַן לײַכטן רויִקן טראָט.

מיר האָבן זיך אומגעקוקט צום גרויסן כאָרעוון דאָרף, וואָס איז
איינזאם געלעגן אין באַלקע, צום גרויסן פארלאָזענעם סטעפּ ארום
אונדז און מיר האָבן מיטאמאָל דערפילט, ווי שטארק עס איז אין
אונדז דאָס געפיל פון נעקאָמע. וויפל מעסלעס איז אונדז אויסגע-
קומען ליגן אפן שלאכט־פעלד אָן א סקאָרינקע ברויט, אָן א טראָפּן
וואסער, און ווער האָט דעמלט געפילט דעם הונגער און דאָרשט?
אונדז האָט דאַן געשפּײַזט און אונטערגעהאלטן די קויכעס דאָס
זעלבע געפיל, וואָס צאפּלט אצינד אין אונדזערע הערצער און זוכט
פאר זיך אַן ארויסגאַנג — דאָס גרויזאמע געפיל פון נעקאָמע...

---

אינגיכן איז אונדזער פּאָלק ווידעראמאָל ארײַנגעטראָטן אין
שלאכט. מיר האָבן זיך פארפעסטיקט אין א גרויסן יישעוו פון
סמאָלענסקער געגנט. געווען איז א באַפעל: זיך האַלטן, ביז
ס'וועלן אונטערקומען פרישע קויכעס. די שלאכט פאַרן יישעוו
איז געווען א פארביסענע. איבער אונדזערע קעפּ האָבן אָן אופהער
זיך געטריסן סנאריאַדן און מינעס. דער הימל איז געווען שווארץ
פון די פאשיסטישע אעראָפּלאנען. אָפטמאָל איז געווען שווער אונ-
טערשיידן האַלבן טאָג פון שפּעטן אָוונט. דער גאנצער ארום איז
געווען אײַנגעהילט אין געדיכטע וואָלקנס רויך.

צוזאמען מיט מיר האָט זיך אין שוצגראָבן געפונען שלוימע
צארמאַן. ער איז געשטאנען אפּ די קני, און זײַנע הענט האָבן אפּ
קיין איין רעגע זיך ניט אָפּגעריסן פון דער ביקס.

נאָכ האלבנ טאָג האָבנ אפ אונדזער רעכטנ פלאנג זיכ באוויזנ דריי פאשיסטישע טאנקענ. מיט א מעשוגענער גיכקייט האָבנ זיי זיכ געטראָגנ גלייכ אפ אונדז.

— צוגרייטנ דאָס קעגנטאנקענ-געווער!

מיר האָבנ זיכ געגרייט צו דער באגעגעניש.

אינ אָט דער אָנגעשטרענגטסטער מינוט, ווענ דאָס הארצ הערט קימאט אופ שלאָגנ אונ ס'פעלט אויס לופט אפ איבערכאפנ דעם אָטעם, האָט מיכ עמעצער א טאָרע געטאָנ באמ אקסל. כ'האָב זיכ האסטיק אומגעקוקט. לעבנ מיר איז געשטאנענ שלוימע צארמאנ אונ צונויפגעבונדנ א בינטל גראנאטעס, ווי מע בינדט צונויפ צווייגנ ווינטערגיבנ.

— גיב מיר דיינע גראנאטעס!

— וואָס קלייבסטו זיכ טאָנ?

כ'האָב ניט באוויזנ זיכ ארומקוקנ, אונ שלוימע צארמאנ איז שוינ געווענ אפ יענער זייט שוצגראָבנ. מיט א פארטייעטנ אָטעמ האָבנ מיר נאָכגעשפירט, ווי די שטרעקע צווישנ אימ אונ די טאנקענ ווערט אלצ קלענער, קלענער. א רעגע, אונ שלוימע ועט בלייבנ ליגנ צעקוועטשט אונטער די רויפנ ווי דאָס פארוויאנעטע גראָז. מיטאמאָל האָבנ מיר דערהערט אנ אופרייס. אינ א סעקונדע ארומ — נאָכ א שטארקערער אופרייס. ווענ דער רויכ איז געוואָרנ שיטערער, האָבנ מיר דערזענ צוויי אופגעריסענע טאנקענ. דער דריטער איז האסטיק פארשווונדנ צוריק.

אונטער א געדיכטנ האָגל פונ קוילנ האָבנ מיר צארמאנענ ארייגעטראָגנ צוריק אינ שוצגראָבנ. דער קאָמאנדיר האָט אימ איבער־געבונדנ די שווערע וואונד אפנ קאָפ אונ אימ איינגעלייגט אפנ גע-לעגער פונ אונדזערע סקאטקעס.

— וויפל?

כ'האָב זיכ אומגעקוקט צו שלוימענ. ער איז געלעגנ מיט צו-געמאכטע אויגנ אונ שטיל איבערגעפרעגט:

— וויפל?

זיינ פראגע איז פאר אונדז געווענ קלאָר. שלוימע צארמאנ פירט ניט דעמ כעזשבנ פונ אראָפגעשאָסענע עראָפלאנענ, פונ אופ-געריסענע טאנקענ, פונ געפאנגענע דייטשנ. ער פירט דעמ כעזשבנ פונ געהארגעטע.

— אינביידע טאנקענ זיינענ מיסטאמע אומגעקומענ אכט-ניינ פאשיסטנ.

— ניט מער?

אין א ווײַלע אַרום:
— ברודער.
איך האָב זיך צוגעזעצט אַפּ זײַן געלעגער.
— ברודער, — האָט שלוימע קוים־קוים געשטאַמלט, — נעם אַרויס פון מײַן קעשענע דאָס נאָטיץ-ביכעלע.
ער האָט זיך אויפֿגעזעצט און אַליין פאַרשריבן:
— געווען איז דער כּעזשבן דרײַ און פופציק. וויפל, זאָגסטו, זײַנען אומגעקומען אין די טאַנקען? אַכט. דרײַ און פופציק און אַכט...
די שיסערײַ איז געוואָרן אָפטער און שטאַרקער. די דײַטשישע שווערע אַרטילעריע האָט אינטענסיוו באַשאָסן אונדזערע פּאָזיציעס.
— ס'וועט זײַן א הייסע שלאַכט, — האָט אונדז געוואָרנט דער קאָמאַנדיר. און אַזוי איז געווען.
דער אָנגריף פון די דײַטשישע אויטאָמאַטלער האָט זיך אָנגעהויבן א סאַך גיכער, ווי מיר האָבן גערעכנט. זיי זײַנען געגאַנגען ווי אַפּ א שפּאַציר, בראַווירט מיט זייער אויפֿגעבראַוזשטערטקייט. מיר האָבן זיי צוגעלאָזן גאָר נאָענט, און איידער די פאַשיסטן האָבן באַוויזן עפענען א פײַער, זײַנען מיר אַרויסגעשפּרונגען פון די שוצגראָבנס מיט יענעם מעכטיקן הוראַ, וואָס קאָן פאַרטרײַבן דעם שטאַרקסטן דונער.
ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער מעכטיקער געפעכט פון רוסישן שפּיז, וואָס איז געווען נאָכדעם, קאָן איך ביז איצט ניט באַנעמען. איינס געדענק איך:
אין סאַמע רעכטן געשלעג האָבן מיר פאַר זיך פּלוצעם דערזען שלוימע צאַרמאַנען, ווען מיר האָבן א שווער פאַרוווּנדעטן געלאָזן ליגן אין שוצגראָבן אַפּן געלעגער פון אונדזערע צונויפגעוויקלטע שינעלן. דער פאַרבלוטיקטער בינט אַרום זײַן קאָפּ האָט ווי א פאָן זיך געוויגט צווישן די צעפאָכטע שפּיזן און זיך אַלץ דערווײַטערט פון אונדז. ווו האָט זיך צו אים גענומען אַזויפיל קויעך? ביז איצט שטייט פאַר מײַנע אויגן זײַן וווקסיקע געשטאַלט.
ווען ס'האָט זיך געענדיקט די שלאַכט, האָט שלוימע צאַרמאַן געפעלט צווישן אונדז. ער איז געלעגן אַפּן שלאַכט־פעלד מיט ברייט צעעפנטע אויגן. זיי האָבן נאָך אַלץ געברענט מיט יענעם פײַער, וואָס קאָן, דאַכט זיך, צעשמעלצן שטאָל.
אינמיטן פעלד האָבן מיר שלוימע צאַרמאַנען געבראַכט צו קווורע.

דער קאָמאַנדיר האָט אַרויסגענומען פון צאַרמאַנס קעשענע דאָס נאָטיץ-ביכל און האָט צום גרויסן כעזשבן צוגעשריבן יענע דײַטשן, וואָס זײַנען הײַנט געפאַלן פון שלוימעס באַגנעט. באַם אָפענעם קייווער האָט דער קאָמאַנדיר זיך געזעגנט מיט צאַרמאַנען.

ס'וועט קומען די צײַט, ווען אַף צאַרמאַנס דענקמאָל וועלן זײַן אויסגעקריצט די דאָזיקע ווערטער, מיט וועלכע דער קאָמאַנדיר האָט אַרויסגעבאַגלייט צאַרמאַנען אין זײַן אייביקער רו:

„פּאַלעסטינער בירגער, סאָוועטישער רויטאַרמייער, העלדישער זון פונעם יידישן פאָלק שלוימע צאַרמאַן. ניט ווײַט איז דער טאָג פון אונדזער זיג. אין אונדזערע דערפער וועלן ווידער בליִען סעדער, און אַף דײַן קייווער וועלן קינדער פלאַנצן בלומען. טייל-אָוויווער, פאַר וועלכע דו האָסט זיך געשלאָגן אַף אונדזער סאָוועטישער ערד, וועלן וועגן דיר זינגען לידער. דאָס קליינע נאָטיץ-ביכעלע וועלן מיר אָפּשיקן קיין טייל-אָוויוו, און ס'וועט שטאָלצירן מיט דיר דײַן פאָלק, ווי מיר שטאָלצירן מיט דיר דאָ. רום דיר אַף דויר-דוירעס, סאָוועטישער רויטאַרמייער שלוימע צאַרמאַן".

כ'ווייס ניט, צי דאָס נאָטיץ-ביכעלע, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט דאַן אָפּגעשיקט קיין טייל-אָוויוו, איז דערגאַנגען צו זײַנע לאַנדסלײַט, און דערפאַר האָב איך אָנגעשריבן די דאָזיקע געשיכטע, פון וועל-כער איך בין געוואָרן אַ לעבעדיקער עדות אינעם גרויזאַמען זומער פון 1941 יאָר אַפן סמאָלענסקער פראָנט.

# איכ בינ א קיִעווער

די רײַטער זײַנענ ארויסגעקראָכנ פונ די זאָטלענ אונ אינ טאקט מיט די אײַנגעמידטע פערד שווער אונ לאנגזאמ געקנאָטנ דעמ אָנהייב־פרילינגדיקנ סטעפּ. די פוסגייער האָבנ הינטער די רימענס פארשטעקט די פּאָלעס פונ די פארשלומפּערטע שינעלנ אונ געהאָלפנ שלעפּנ פונ דער געדיכטער בלאָטע די פארזונקענע הארמאטנ אונ וועגענער. א טייל רויטארמייער האָבנ אפּ זיכ געשלעפּט קעסטלעכ מיט פּאטראָנעס אונ מינעס. אײַנגעהויקערט אונטער א שווערנ קאסטנ, איז געגאנגענ מיטנ צעלאָזענעמ סטעפּ מוישע אוורוטינ — א מיטלוווקסיקער באוואקסענער רויטארמייער, וואָס איז מיט אייניקע טעג צוריק אָנגעקומענ אפנ פראָנט אונ האָט נאָכ אפילע רעכט ניט באוויזנ זיכ צו באקענענ מיט אלע שלאכטלײַט פונ זײַנ ווזוואָד. קעדיי זיכ ניט אָפּרײַסנ פונ זײַנ טייל, האָט ער די גאנצע צײַט זיכ געהאלטנ לעבנ קאָמאנדיר. נאָר סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער אימ אויכ אָנגעווירנ פונ אויג. דאָס שווערע קעסטל מיט פּאטראָנעס האָט אימ געבויגנ צו דער ערד. ער האָט קוימ-קוימ געפּלאָנטערט מיט די פיס. געדוכט האָט זיכ אוורוטינענ, אז מע גייט מיט א פּאָרסירטנ מארש, אונ געגאנגענ איז מענ ניט מער פונ צוויי קילאָמעטער א שאָ. א קאלטער אונ א פײַכטער ווינט האָט געשמיסנ אינ פּאָנעמ, געקנייטשט אונ אויסגעגלײַכט די פאלדנ פונעמ מוטנעמ וואסער, וואָס האָט פארגאָסנ די אָנהייב-פרילינגדיקע פעלדער אונ לאָנקעס. מוישע אוורוטינ איז שוינ עטלעכע מאָל געבליבנ שטעקנ אינ דער בלאָטע. ער האָט פּאָרזיכטיק אראָפּגעלאָזנ פונ פּלייצע דאָס קעסטל, ארויסגעצויגנ פונ דער געדיכטער בלאָטע די פארברודיקטע שטיוול, איבערגעכאפּט דעמ אָטעמ אונ זיכ געלאָזנ ווײַטער. עמעצער פונ די רויטארמייער פונ זײַנ ווזוואָד האָט עס באמערקט:

— גיב מיר דאָס קעסטל.

— כ'וועל אליינ דערטראָגנ, — האָט אוורוטינ געענטפערט אונ שטיל צוגעגעבנ, — איכ בינ א קיִעווער.

וואָס ווײַטער, אלץ אָפטער זײַנען צוגעשטאנען די פערד, די מענטשן. א טויט-מידקייט איז געלעגן בא אלעמען אפ די פּנעמער, נאָר מע איז געגאנגען ווײַטער. א גאנצע נאכט האָט מען זיך אזוי געשלעפּט איבער די געדיכט בלאָטיקע פעלדער. און אז מע האָט אינעם גרויען נעפּל פונעם באגינען דערזען די הויכע ברעגן פונעם בוג, האָבן זיך אלע א ריס געטאָן פאָרויס מיט יענער פרישער קראפט, מיט וועלכער א פּריליגגדיק וואסער רײַסט זיך ארויס פון די ברעגן.

די קאוואַלעריע און ארטילעריע האָבן זיך אָפגעטיילט פון דער קאָלאָנע און פארנומען זייערע פּאָזיציעס אינעם דערבײַיִקן וועלדל. די פוסגייער האָבן זיך אראָפּגעלאָזן אין דער נידער. דער שאָסיי, דאָס האָט געפירט צום שטעטל, איז געבליבן אָן א זײַט. מע איז עגאנגען צום בוג מיט די פארגאָסענע לאָנקעס. דאָס אײַז-קאלטע וואסער האָט ערטערווײַז דערגרייכט ביז די קני און ארײַנגערונען אין די שטיוול. אזוי איז מען אָפּגעגאנגען א פּאָר הונדערט שפאן, און מיטאמאָל האָט אין דער שטילקײַט פונעם באגינען זיך ארײַנגעריסן א שטעפּן פון קוילנוואר-פערס. עטלעכע רויטארמייער זײַנען געפאלן טויט. די פארוווּנדעטע האָבן דערשטיקט אין זיך דעם וויטעק און געגאנגען ווײַטער. די שיסערײַ האָט זיך געשטארקט. אינגיכן איז דאָ געוואָרן שווער אויסגעפינען אן אָרט, וואָס זאָל ניט ווערן באשאָסן, ווי אין א שלאַקסרעגן איז אין אָפענעם פעלד אוממעגלעך צו געפינען א טרוקן שטיקל ערד.

Ло—ж—и—сь!—

ווער ווו ס'איז געשטאנען, איז דאָרט געבליבן ליגן. די שיסערײַ איז געוואָרן אינטענסיווער, די קוילן האָבן זיך געטראָגן נידעריק איבער די קעפּ און זיך ארײַנגעשניטן אינעם וואסער.

ס'איז אדורך א שאָ און צוויי, נאָר געדוכט האָט זיך, אז אָט די פּאָר שאָ ציִען זיך שוין א גאנצע אייביקײַט. דאָס וואסער האָט דורך די שטיוול און שינעלן זיך דערקליבן צום לײַב. ביז צום מארך פון די ביינער האָט זיך דערקליבן די קאַלטע נעץ. דער ווינט האָט געשמיסן אין פּנעם און פארצויגן די פארגאָסענע לאָנקעס מיט דינע הײַטלעך אײַז.

עס זײַנען אריבער נאָך עטלעכע שאָ, און די רויטארמייער זײַנען אלץ געלעגן און זיך געוויקט אינעם אײַז-קאלטן וואסער. מיט קיין ווארעמען געלעגער און מיט קיין הייסער טיי וואָלט מען זיך ניט געקאָנט דערווארעמען נאָך אזא טאָג... דערווארעמען זיך קאָן מען בלויז אין שלאכט.

צו אָוונט איז די שיסערייַ געוואָרנ עטוואָס שטילער, נאָר קיינ באפעל פונ קאָמאנדיר זיכ אופהייבנ איז נאָכ אלצ ניט געווענ.

— ווי געפעלט דיר עפעס אונדזער געלעגער?

אוורוטינ האָט זיכ ניט אומגעקוקט. דאָס גאנצע לייַב איז געווענ פארגליווערט, די געפילנ — ווי אָפגעטייט.

— נישקאָשע, עס טרעפט ערגערס, — האָט ער ווידעראמאָל דערהערט די זעלבע שטימ, — דערפאר אָבער וועסטו שוינ א צווייט מאָל ניט אייַנטונקענ אזוי דעמ קאָפ אינ וואסער. וועסט זיכ צוגעוווינענ שלאָפנ אפילע בא אנ ערדציטערניש. כ'ווייס ניט, ווי וועל איכ קאָנענ שלאָפנ נאָכ דער מילכאָמע. ווי קאָנ מענ עס שלאָפנ, ווענ ס'איז שטיל?

מוישע האָט עטוואָס אופגעהויבנ דעמ קאָפ אונ זיכ אומגעקוקט. לעבנ אימ אינ דער נעצ איז געלעגנ אויסגעצויגנ א היפש באיאָרטער רויטארמייער.

דאָס פאָנעמ איז בא אימ געווענ בלוי, די אויגנ אייַנגעפאלנ, נאָר אינעמ קאָל זייַנעמ האָט זיכ ניט געפילט קיינ סימענ פונ מידקייַט.

גאָר נאָענט פונ זיי האָט זיכ דורכגעטראָגנ א מינע. אוורוטינ האָט ניט ווילנדיק ארייַנגעצויגנ דעמ קאָפ אינ די אקסלענ אזוי טיפ, אז דאָס וואסער האָט אימ אזש א פלייצ געטאָנ אינ די אויערנ.

— וואָס האָסטו אזוי מוירע?

ניט אומקוקנדיק זיכ צו זייַנ שאָכנ, האָט אוורוטינ בייז א בורטשע געטאָנ;

— פונוואנענ האָסטו גענומענ, אז איכ האָב מוירע?

— א סאָלדאט, וואָס איז שוינ געווענ אינ סטאלינגראד אונ באמ דניעפער, וועסטו ניט אָפנארנ. פונעמ ערשטנ קוק וועל איכ דיר דערקאָנענ א סאָלדאט, וואָס האָט נאָכ ניט געשמעקט קיינ פולווער. ער מעג זייַנ אָנגעטאָנ אינ א דורכגעשאָסענעמ שינעל, האלטנ אינ די הענט א פארייכערטע ביקס, אלצייינס וועל איכ אימ דערקאָנענ. ווענ ביסטו אָנגעקומענ צו אונדז אינ טייל?

— מיט דרייַ טעג צוריק.

— דאָס ערשטע מאָל אפנ פראָנט?

— יאָ.

— איצט זעסטו, אז מיכ קאָנ מענ ניט נארנ. שרעקלעכ אפ דער מילכאָמע? נאָר דעמ עמעס. שרעקלעכ?

— כ'ווייס נאָכ ניט, — אונ אוורוטינ איז אנשוויגנ געוואָרנ. די שיסערייַ האָט זיכ ווידער פארשטארקט.

— ווי רופט מען דיך? — האָט ער ווידעראַמאָל דערהערט דעם שאָכנס שטים.

— מאָיסײ אוורוטין.

— און מיך רופט מען סטעפאַן יעפימאָוו. פון פערטן ווזוואָד בין איך. וואָס באַהאַלטסטו אַזוי דעם קאָפּ? ציטערסט? וואָס מיינסטו, מיר ווילט זיך ווייניקער לעבן ווי דיר? געדענק! אויב דו וועסט מוירע האָבן פאַרן טויט, וועט דער טויט ניט מוירע האָבן פאַר דיר. יאָ, יאָ! כ׳בין שוין דאָס דריטע יאָר אַף דער מלחמה, און נאָר איין מאָל בין איך געווען פאַרווונדעט. און דאָס צוליב מיין אייגענער שולד. צופיל זיך געהיט, אָט אַזוי ווי דו.

ער האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו אוורוטינען און אים לייכט אָנגערירט פאַרן אַקסל.

— איך וועל דיר פאַרטרויען דעם סאָד, וויאַזוי פאַרהיטן דאָס לעבן. באַהאַלטסט שוין ווידער דעם קאָפּ? ווילסטו לעבן, איז קריך אין פייער. וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר? כ׳מיין עס ערנסט. אַ סאָלדאַט, וואָס שלאָגט זיך פּאָ-סאָלדאַטסקי, נעמט אים ניט קיין קויל, ווי פייער נעמט ניט קיין נאַסע טוך. דו קוק זיך צו, וויאַזוי עס פירן זיך אוף אין שלאַכט די רויטאַרמייער פון אונדזער טייל. לערן זיך.

מוישע אוורוטין איז שוין פיר טעג אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. פיר טעג, ווי ער קוקט זיך צו אַלעמען צו, און דאָך קאָן ער זיך ניט צוגעווינען צו זייער קאַלטבלוטיקייט. אַזאַ אָנפאַל, ווי ס׳איז געווען נעכטן באַטאָג, און די רויטאַרמייער פון זיין ראָטע האָבן זיך צו דעם באַצויגן ווי צו אַ גאַנץ געוויינלעכער געשעעניש. מע האָט ניט געכאַפּט לויפן זיך באַהאַלטן. אפילע דער, וואָס האָט גערייכערט, האָט זיך ניט געאיילט אַרויסוואַרפן פון מויל דעם ציגאַר. די זעלבע מענטשן ווייקן זיך אַ גאַנצן טאָג אין אייז-קאַלטן וואַסער, און דאָס איז בא זיי אַפּאָנעם אויך אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך. ס׳איז אַפּאָנעם עמעס — ניט זיי האָבן מוירע פאַרן טויט, נאָר דער טויט האָט גאָר מוירע פאַר זיי.

אוורוטין האָט זיך ווידעראַמאָל אומגעקוקט צו זיין שאָכן יעפימאָוון. בא אים איז אַ געוויינלעך פּאָנעם, געוויינלעכע אויגן, און דאָך אַזעלכע אויגן קאָן מען טרעפן בלויז דאָ, אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. נידעריק איבערן קאָפּ האָט מיט אַ געוויי זיך דורכגעטראָגן אַ מינע. דאָס מאָל האָט מוישע זיך אַליין באַהערשט — ער איז געבליבן רויק. פאַר קיין זאַך האָט אוורוטין איצט אַזוי ניט מוירע געהאַט, ווי פאַר דעם, וואָס בא יעפימאָוון וועט וועגן אים בלייבן

א מײנונג װי װעגנ א שרעקעװדיקנ. מױשע האָט געװוסט: מעגסט מיט אלעמענ זײַנ דער בעסטער כאװער, װי א ברודער זיכ טײלנ מיטנ לעצטנ ביכנ, מיטנ לעצטנ טראָפּנ װאסער פונ פליאגע, נאָר קױמ דערזעט מענ אינ דיר א מינדסטנ סימענ פונ פאכדאָנעס, דעמלט װעלנ זיכ פונ דיר אלע אָפּקערנ.

— איכ האָב ניט מױרע פארנ טױט, — האָט אװרוטינ אָפּ א קאָל זיכ אָנגערופנ, — נאָר איצט טאָר איכ נימ שטארבנ. איכ האָב איצט קײנ רעכט ניט צו שטארבנ. פארשטײסט? איכ בינ א קיִעװער.

— הא?

אװרוטינ האָט אָפּגעװישט מיטנ ארבל דאָס פארשפּריצטע פּאָנעמ אונ צו זיכ אלײנ א זאָג געטאָנ:

— אײנ מענטש בינ איכ געבליבנ פונ דער גאנצער מישפּאָכע. אײנ מענטש, אפילע דאָס שװעסטערל, צװײ יאָר איז זי אלט געװענ, האָבנ זײ אױכ געשאָכטנ. דאָס, װאָס ס'איז געװענ אינ קיִעװ...

— ביסט א ײִד?

— א ײִד. אײנער פונ א גאנצער מישפּאָכע בינ איכ געבליבנ. איכ בינ אהער געקומענ ניט נאָר נעמענ נעקאָמע. נעקאָמע אלײנ דאָס איז פאר מיר װײניק. איכ װיל, אז די שרעק זיכ צו באגעגענענ אפנ שלאכט-פעלד מיט א באװאָפנטנ קיִעװער ײִדנ זאָל בא די דײַטשנ איבערגײנ בעיערושע פונ דאָר צו דאָר, װי די שרעק פארנ װאָרט סטאלינגראד.

— װאָס האָסטו אזױ אופגעהױבנ דעמ קאָפּ, — האָט יעפימאָװ צו אימ אױסגעשריִענ, — סט'זיכ פארגעסנ, װו דו ביסט?!

מױשע אװרוטינ האָט שװער אָפּגעזיפצט:

— ס'גײט מיר עפּעס ניט. צװײ כאדאָשימ האָט מענ מיכ געהאלטנ אינ א זאפּאסנעמ פּאָלק, אונ איצט, װענ די דײַטשנ זײַנענ פאר די אױגנ, דארפ איכ ליגנ אינ דער נעצ אומבאװעגלעכ...

— שטאָל פארהארטעװעט מענ אינ װאסער, — האָט װי צו זיכ אלײנ א זאָג געטאָנ יעפימאָװ. אונ נאָענט-נאָענט זיכ צוגערוקט צו אװרוטינענ.

— מישע.

— נו?

— אז מע װעט אװעק אינ אָנגריפ, זאָלסטו זיכ האלטנ לעבנ מיר. איכ בינ א סטאלינגראדער, אונ פאר סטאלינגראדער ציטערנ די דײַטשנ.

— אונ איכ בינ א קיִעװער!

פרי אינ אָוונט האָט אינ הימל זיכ באַוויזנ די לעוואָנע. די דײַטשנ זײַנענ געווענ זיכער, אַז אַפ דער לאָנקע ליגנ טויטע. די שיסערײַ האָט אינגאַנצנ אופגעהערט.

— В атаку !

מוישע אוורוטינ האָט זיכ קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז ער קאָנ אַזוי לויפנ. פונוואַנענ האָבנ זיכ צו אימ מיטאַמאָל גענומענ אַזויפיל קויכעס. די ערשטע מינוט איז ער געלאָפנ צוזאַמענ מיט יעפימאָוונ, נאָר וואָס אַמאָל האָט ער לעבנ זיכ דערזענ אַלצ נײַע אונ נײַע רויטאַרמייער, אונ דערבײַ אַליינ ניט געוווּסט, צי יעפימאָוו האָט אימ איבערגעיאָגט, צי ער האָט איבערגעיאָגט יעפימאָוונ. די פאַרגאָסענע לאָנקעס זײַנענ געשווומענ פאַרבײַ די אויגנ, דער ווינט האָט געראַוישט אינ די אויערנ, אונ ערגעצ גאָר נאָענט האָט זיכ שוינ געהערט אַ געשריי פונ הונדערטער מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ דערוואַרעמט אינ שלאַכט. אוורוטינ האָט פאַרגיכערט די טריט, אונ וואָס האַסטיקער ער איז געלאָפנ, אַלצ שטאַרקער האָט ער געפילט, ווי ס׳וואַקסנ אינ אימ די קויכעס.

אַרומ אונ אַרומ זײַנענ געלעגנ געהאַרגעטע אונ פאַרוווּנדעטע.

די פאַרוווּנדעטע האָט מענ אופגעקליבנ, די לעבעדיקע זײַנענ געלאָפנ ווײַטער. איבער די קעפ האָבנ געוויִעט בינעס. קיינער האָט זיכ אָבער ניט אָפּגעשטעלט. דער טויט האָט דאָ ניט געהאַט קיינ קראַפט, פאַר די אויגנ זײַנענ געווענ די דײַטשנ.

עטלעכע שאָ האָט זיכ געצויגנ די בלוטיקע שלאַכט. מע האָט זיכ געשלאָגנ אָפנ מיטנ טײַכ. דאָס אײַז האָט געקרעכצט, זיכ געברעקלט. פונ צײַט צו צײַט האָט זיכ דערהערט אַ פּליעסק. דאָס איז עמעצער אַראָפּ צומ גרונט.

פאַר דער גאַנצער צײַט האָט מוישע אוורוטינ קימאַט קיינ איינ קויל ניט אַרויסגעלאָזנ פונ דער ביקס. אַפילע דערבלט, ווענ דער באַגנעט זײַנער איז טעמפּ געוואָרנ, האָט ער מיט דער ביקס-קאָלבע געהאַקט איבער די קעפ אונ ווײַט-ווײַט האָט זיכ געהערט זײַנ געשריי, אַ געשריי פונ אַ צערייצטנ לייב:

— איכ בינ אַ קיִעווער, איכ בינ אַ ייִד פונ קיִעוו.

די דײַטשנ, וואָס האָבנ באַוויזנ זיכ איבערקלײַבנ אַפ יענער זײַט בוג, האָבנ געעפנט אַנ אינטענסיוו פײַער פונ אווטאָמאַטנ אונ קוילנוואַרפערס. מיט גראַנאַטעס האָבנ זיי אופגעריסנ דאָס אײַז. די רויטאַרמייער זײַנענ אַריבערגעשפּרונגענ איבער די וואַסער-גריבער, אונ אינגיכנ האָט דאָס געשלעג זיכ אַריבערגעטראָגנ אַפ יענער זײַט בוג.

אווּרוּטיִן איז געשפּרונגען איבער די טויטע קערפּערס פֿון די דײַטשן, און פּלוצעם האָט ער דערפֿילט, ווי דער באָדן גייט אוועק פֿון אונטער זײַנע פֿיס. וואָס עס איז געשען, האָט ער באַנומען ערשט דעמלט, ווען ער איז געבליבן הענגען אַף די עלנבויגנס, און דער גאַנצער קערפּער זײַנער איז געווען אין וואַסער. דאָס אײַז אונטער זײַנע עלנבויגנס האָט געקרעכצט, זיך געברעקלט ווי גלאָז. די מיט וואַסער פֿולע שטיוול, דער שינעל זײַנער געוואָרן אומגעהייער שווער און האָבן אים געשלעפּט צום אָפּגרונט. פֿון קעלט האָט זיך אים פֿאַרהאַקט דער אָטעם, די אויגן האָבן זיך צו־געמאַכט. וואָס א רגע, אַלץ מער האָט זיך זײַן קערפּער דערווײַטערט פֿונעם אײַבערפֿלאַך און זיך דערנענטערט צום אָפּגרונט.

אַזוי זײַנען אַדורך עטלעכע לאַנגע רגעס. און אַז ער האָט צוריק געעפֿנט די אויגן, האָט ער דערזען, ווי פֿאַרבײַ אים פּויזעט איבערן אײַז א מענטש. ער האָט געוואָלט אויסשרײַען, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט ער פֿאַרשטאַנען זײַן טעות. איבערן אײַז האָט דאָס געפּויזעט א דײַטש. אווּרוּטיִן האָט ווידעראַמאָל געפּרוּווט זיך אַרויסרײַסן פֿון וואַסער און איז נאָך טיפֿער אַראָפּגעזונקען. איבערן אײַז האָט בלויז געשטעקט זײַן קאָפּ און די אויפֿגעלאָפֿענע פֿאַרפֿרוירענע הענט. פֿאַר די אויגן איז געלעגן זײַן ביקס און א דײַטש, וואָס האָט זיך באַוועגט, געעטעמט, געלעבט. די נאָענטקייט פֿון א לעבעדיקן דײַטש האָט געצווּוּנגען, אַז אווּרוּטיִן זאָל אָנ־שטרענגען אין זיך די לעצטע קויכעס. ווי א דאָרשטיקער ציט זיך צו א קוואַל, אַזוי האָט מוישע זיך געצויגן מיט די ליפּן צו דער ביקס. ער האָט זיך אײַנגעביסן מיט די ציין אינעם האַלדז פֿון דער קאָלבע און זי צוגעשאַרט צו זיך. מיט איין האַנט האָט ער זיך געהאַלטן פֿאַרן אײַז, מיט דער אַנדערער האָט ער אָפּגעזיכט איבער־געוואָרפֿן די ביקס איבערן וואַסער־גרוב. אָנגעכאַפּט זיך אָן דער ביקס מיט בײדע הענט, האָט ער זיך א הייב געטאָן.

ווען ער איז אַרויס פֿון גרוב, איז ער געווען פֿול מיט וואַסער, ווי אַן אָנגעשעפּטער עמער.

— נאָכדעם, נאָכדעם, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט און ווי א וואָלף האָט ער הינטערווײַלעכס זיך שטיל דערקליבן צום דײַטש און מיט דער גאַנצער שווערקייט פֿון קערפּער זיך אַף אים אַרויפֿ־געוואַלגערט. ער האָט איבערגעקערט דעם דײַטש מיטן פּנים אַרויף און זיך אײַנגעקוקט אין זײַנע אויגן.

— פֿאַרמאַכ ניט די אויגנ, — האָט אוורוטינ געשריִענ צו אים, — קוק אָפֿ מיר. איכ בינ א קיִעווער.

דעמ ערשטנ מענטשנ, וואָס מוישע אוורוטינ האָט נאָכ דער שלאַכט באַגעגנט אָפֿ יענער זײַט בוג, איז געווענ יעפֿימאָוו. ער האָט געפֿירט א קאָלאָנע געפֿאַנגענע. יעפֿימאָוו האָט אינ דעמ האַסטיק אָנגעלאָפֿענעמ רויטאַרמייער קוימ דערקאָנט אוורוטינענ, מיט וועמענ ער איז א גאַנצנ טאָג אָפּגעלעגנ אינ דער נעצ.

דער שינעל, די שטיוול, דאָס גאַנצע פּאָנעמ אונ די הענט זײַנענ באַ אימ געווענ אויסגעווייקט אינ בלוט. ס'האָט פֿונ אימ געזעצט א דאַמפֿ.

— ביסט פֿאַרווונדעט?

אוורוטינ האָט ניט געענטפֿערט. נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיכ א ריס געטאָנ צו די געפֿאַנגענע.

— איכ בינ א קיִעווער. א ייִד פֿונ קיִעוו בינ איכ, — האָט ער ניט מיט זײַנ קאָל געשריִענ. — קוקט, אײַער בלוט איז אָפֿ מיר. אַזוי זאָלט איר שרײַבנ צו זיכ אַהיימ. כ'וועל נאָכ זײַנ באַ אײַכ אינ בערלינ. קערעוועט ניט אָפּ די אויגנ. קוקט אונ פֿאַרגעדענקט, וויִאַזוי עס זעט אויס אָפּנ שלאַכט-פֿעלד א באַוואָפֿנטער קיִעווער ייִד!

# דאָס בערגל

פֿאַר איין מעסלעס האָט דער באַטאַליאָן דורכגעמאַכט עטלעכע און זעכציק קילאָמעטער. אָפּגערוט זיך אַ פּאָר שעה אינעם האַלב כאָרעוון דערפֿל, האָט דער באַטאַליאָן זיך ווידער געלאָזן מיט אַ פֿאָרסירטן מאַרש צו די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס.

עטלעכע צוגעשטאַנענע רויטאַרמייער, וואָס האָבן פֿון אַזאַ לאַנגן און גיכן מאַרש זיך געהאַט אַרויסגעשלאָגן פֿון די קויכעס, האָט דער קאָמאַנדיר פֿון באַטאַליאָן באַפֿוילן בלײַבן אין דערפֿל זיך אויסרוען און צו דער און דער שעה, אין דער און דער ריכטונג אָניאָגן דעם טייל.

פֿאַרלאָזן האָט דער באַטאַליאָן דאָס דערפֿל אַרום עלף אַזייגער אינדערפֿרי, און פֿיר באַטאָג זײַנען שוין די עטלעכע אָפּגעשטאַנענע רויטאַרמייער אויך געווען אין וועג. די שפּאָגל-נײַע שינעלן, רימענס און שיך, די פֿול-געפּאַקטע רוקזעקלעך, וואָס זײַנען געהאַנגען באַ זיי אויף די רוקנס, האָבן דערציילט, אַז די רויטאַרמייער זײַנען פֿון אַ מאַרשעוון באַטאַליאָן, וואָס גייט צום ערשטן מאָל אויפֿן פֿראָנט.

אַ גאַנצן טאָג פֿון סאַמע באַגינען איז געפֿאַלן אַ שטילער טרוקענער שניי, און צו דער נאַכט האָט זיך פּלוצעם אויפֿגעהויבן אַ ווינט מיט אַ בוראַן, אַז מע האָט זיך אַליין ניט געזען. וואָס ווײַטער איז די זאַווערוכע געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, דער שניי געדיכטער, דער ווינט האָט געשלײַדערט פֿון די פֿיס, פֿאַרקערט דעם וועג און מיט אַ פֿאַרשטיקטן געוווי זיך געריסן צו דער טונקעלער הייך. שטאַרק פֿינצטער איז געוואָרן אין אָפֿענעם צעבושעוועטן סטעפּ. און אַרום — קיין איינציק פֿײַערל, קיין ביימל, קיין כוטאָר. די רויטאַרמייער האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן. ביז די קני אין שניי, די מײַלער ברייט צעעפֿנט, די אויגן צוגעמאַכט, האָבן זיי זיך געשלעפּט איבערן שנייִקן מידבער. די שטאַרקערע האָבן אויף זיך געטראָגן די רוקזעקלעך פֿון זייערע אײַנגעמידטע כאַווערים. נאָר צו האַלבער נאַכט האָבן זיך שוין אַלע געהאַט אַרויסגעשלאָגן

פון די קויכעס. וואָס ווײַטער, אלץ אָפטער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. ס'האָבן שוין ניט געקלעקט קיין קרעפטן ארויסשלעפּן די פיס פון טיפן שניי, פונקט ווי די פיס זייערע וואָלטן צוגעפרוירן צו דער ערד.

באפוילן האָט דער קאָמאנדיר פון באטאליאָן, אז צו דרײַ בא-נאכט זאָלן זיי אָניאָגן דעם טייל. געווען איז שוין באלד צוויי, און אויב מע האָט ניט פארבלאָנדזשעט, איז נאָך געבליבן צו גיין עטלעכע און צוואנציק קילאָמעטער דאָס געפיל, פון א סאָלדאט, ניט איבערלאָזן די כאוויירים אין א געפאר, האָט זיי געטריבן פאָרויס, נאָר די פיס האָבן ניט געוואָלט דינען.

— מיר בלאָנדזשען, — האָט עמעצער א זאָג געטאָן.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. מע האָט זיך אויסגעקערעוועט מיט די פּלייצעס צום ווינט און געגאנגען אזוי הינטערווײַלעכס פאָרויס.

— כ'קאָן מער ניט גיין, — האָט אין דער פינצטער זיך דערהערט אן אָפּגעשוואכטע שטים, נאָר דער רויטארמייער, וואָס האָט עס געזאָגט, איז געגאנגען ווײַטער.

אינגיכן האָט עמעצער א פאל געטאָן אין שניי, נאָך אים א צווייטער, א דריטער.

— כאוויירים, מיר זײַנען פאר נעכטן און הײַנט דורכגעגאנגען קימאט הונדערט קילאָמעטער. איצט איז געבליבן ניט מער פון צוואנציק. אין באטאליאָן ווארט מען אף אונדז. שטארקט זיך, כאוויירים.

— עפשער וועלן מיר זיך אָנשטויסן אף א כוטאָר, — האָט אין א ווײַלע ארום זיך ווידער דערהערט די זעלבע שטים, — מע טאָר זיך ניט צולייגן. אין אזא זאווערוכע קאָן מען אזוי בלײַבן ליגן אף אייביק. שטארקט זיך!

ס'איז שוין ניט געווען קיין קויעך אָפּטרייסלען דעם שניי פון די וויִעס, און דאָך האָט מען זיך אופגעהויבן און געגאנגען ווײַטער.

אין מעשעך פון דער נאכט האָבן די רויטארמייער זיך עטלעכע מאָל צוגעזעצט, זיך ווידער אופגעהויבן און ווידער געגאנגען איבערן שנייִיקן צעבושעוועטן מידבער, און ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, זײַנען אפילע די סאמע שטארקע געבליבן ליגן אין שניי ווי אונטערגעזועגטע ביימער, ס'האָט מיטאמאָל א ציִ געטאָן צום שלאָף. אזא אָנגענעמע ווארעמקײַט איז זיך צערונען איבערן קערפּער.

דער באגינען איז געווען א שטילער און א זוניקער.

פלוצעם האָבנ זיי איינ סטעפּ דערזעהנ א בערגל, אונ אפנ בערגל באוועגנ זיכ מענטשנ.

— אונדזערע צי דײַטשנ?

עס זײַנענ דורכ עטלעכע אָנגעשטרענגטע מינוט, אונ קיינער האָט זיכ ניט גערירט פונ אָרט. ס׳האָבנ אפילע אויסגעפּעלט קויכעס טיפער אײַנורענ די קעפּ אינ שניי אונ אויסטאָנ פונ די אקסלענ די ביקסנ.

נאָר איינער פונ זיי, דער, וואָס האָט דעם גאנצנ וועג אלעמענ אונטערגעמונטערט, האָט זיכ א ריס געטאָנ פאָרויס. ער האָט שטיל געפּויזעט אפנ בויכ. אינ איינ האנט האָט ער געהאלטנ די ביקס, אינ דער אנדערער האנט א גראנאטע. אפ אימ איז אויכ געווענ א שפּאָגל-נײַער שינעל, נײַינקע וויקלשנורנ אונ שיכ. נאָר לויט דעמ, ווי ער האָט געפּויזעט, איז געווענ צו זענ, אז אפנ פראָנט האָט ער שוינ פארבראכט ניט איינ כוידעש. גערופנ האָט מענ אימ וואסילי זאמיאטינ. אינעמ מארשעוונ באטאליאָנ איז ער אָנגעקומענ פונ שפּיטאָל. אימ, זאמיאטינענ, האָט דער קאָמאנדיר באשטימט פארנ עלטסטנ איבער דעמ הײַפל אָפּגעשטאנענע רויטארמייער. ער האָט געהאט די פולע רעכט באפוילנ, נאָר איצט איז ניט געווענ די צײַט אפ אָפּגעבנ באפעלנ. אופהייבנ די טויט-מידע, איבערגע-פרוירענע מענטשנ האָט מענ געקאָנט ניט מיט ווערטער, נאָר מיט אייגענער העלדישקײַט.

ווענ ער איז שוינ געווענ נאָענט באמ בערגל, האָט ער זיכ האסטיק אומגעקערט צוריק.

— אפנ בערגל זײַנענ קינדער, — האָט ער שעמעוודיק געזאָגט,— מיסטאמע איז דאָ ניט ווײַט א דערפל, צי א כוטאָר, דאָרט וועלנ מיר זיכ דערווארעמענ אונ זיכ אויסרוענ. צורופנ די קינדער אהער?

— ניינ.

די רויטארמייער האָבנ זיכ אופגעהויבנ אונ קוימ-קוימ געפּלאָנ-טערט מיט די פיס.

אפנ הויכ-פארשנייטנ בערגל האָבנ זיי געטראָפנ עטלעכע קינדער. דעמ סאמע עלטסטנ פונ זיי איז געווענ א יאָר עלפ. די קינדער האָבנ ארומגעצאמט דאָס בערגל מיט פרישע אָנגעבראָכענע צווײַגנ.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט וואסילי געפרעגט אונ דערבײַ אונטערגעשמייכלט, די קינדער זאָלנ ניט באמערקנ, ווי טויט-מיד ער איז.

— נעכטנ באנאכט האָט די דויטשע ארמיי באפרײַט אונדזער דערפל. איצט גייענ מיר צו זיכ אהיימ.

— וואָס זשע טוט איר דאָ אפֿנ בערגל?

— מיר צאמענ ארום דעמ קייווער, — האָט מיט א טאָנ פֿונ א דערוואקסענעמ געענטפֿערט א קליינ מיידעלע. די הויט פֿונ איר אויסגעצערט פּנעמל איז געווענ דורכזיכטיק. די אויגנ — גרויסע אונ דערשראָקענע.

— א קייווער? וועמענס?

דער עלטסטער פֿונ זיי, דאָס עלפֿיאָריקע יינגל, אָנגעטאָנ אינ א צעריסנ מאנטל אונ גרויסע אָפּגעטראָגענע שיך, האָט שטיל געענטפֿערט:

— דריי אונ צוואנציק רויטארמייער זיינענ דאָ באגראָבנ, מיינ ברודערל ליאָניע ליגט אויכ דאָ. ער איז דער פֿיר-אונ-צוואנציקסטער.

די רויטארמייער האָבנ זיכ נעענטער צוגערוקט צומ יינגל, וואָס האָט דערציילט:

— פֿאראיאָרנ זומער איז עס געווענ. די פֿאשיסטנ האָבנ זיכ פּלוצעמ ארייננגעריסנ אינ אונדזער דאָרף. ניט אלע פֿארווונדעטע רויטארמייער האָט מענ באוויזנ ארויספֿירנ. בא אונדז אינ שטוב איז געלעגנ א שווער פֿארוווּנדעטער רויטארמייער. דיאדיא בעניא האָט מענ אימ גערופֿנ. א ייד איז ער געווענ. ער איז געווענ זייער א פֿריילעכער אונ א גוטער. נאָכ די לימודימ פֿלעגנ מיר זיכ צונויפֿקלייבנ ארומ זיינ בעטל, אונ ער פֿלעגט אונדז דערציילנ מייסעס. דער קאָמאנדיר זיינער האָט אונדז געזאָגט, אז ער איז געווענ זייער א העלדישער. א סאכ דייטשישע טאנקענ האָט ער אופֿגעריסנ, דער דיאדיא בעניא.

— ווענ די פֿאשיסטנ האָבנ פֿארכאפּט אונדזער דאָרף, — האָט דאָס יינגל שטילער פֿאָרגעזעצט, — האָבנ זיי צונויפֿגעקליבנ אלע פֿארווונדעטע רויטארמייער. אז מע איז געקומענ נעמענ דעמ דיאדיא בעניא, האָט ליאָניע געבעטנ די דייטשנ, זיי זאָלנ אימ איבערלאָזנ בא אונדז.

דאָס יינגל איז מיטאמאָל אנשוויגנ געוואָרנ. אינ זיינע לויטערע קינדערשע אויגנ זיינענ געשטאנענ טרערנ.

— די פֿאשיסטנ האָבנ ארויסגעפֿירט אהער אינ סטעפּ אלע פֿארוווּנדעטע רויטארמייער, — האָט אנ אנדער קינד געענדיקט דערציילנ, — אונ זיי געשאָסנ. ליאָניענ האָבנ זיי אויכ געשאָסנ. אָט דאָ ליגנ זיי באגראָבנ. איצט צאמענ מיר ארומ דעמ קייווער. מע וועט דאָ אוועקשטעלנ א דענקמאָל. זומער וועלנ מיר דאָ פֿארפֿלאנצנ בלומענ. די פֿאשיסטנ וועלנ זיכ דאָכ שוינ מער קיינמאָל ניט אומקערנ צוריק. א-יאָ?

וואסילי זאמיאטין האָט אראָפּגענומען פון אקסל די ביקס און מיטן שפּיץ פון באגנעט אויסגעקריצט אפן פארשנייטן בערגל איין וואָרט: „נעקאָמע".

— ווו גע‌פינט זיך אייער דאָרף?

— דאָ ניט ווייט, אָן דאָרט אין באלקע.

— און ווי ווייט איז ביז נעקרילאָווקע? (אין דאָרף נעקרילאָווקע האָבן זיי געדארפט אָניאָגן דעם באטאליאָן.)

— נעקרילאָווקע איז נאָך באם דייטש, — האָט געענטפערט ליאָניעס ברודערל, — פונדאנען וועט זיין א וויאָרסט צוועלף. קומט צו אונדז.

ווען וואסילי זאמיאטין האָט זיך אומגעקוקט, זיינען שוין די כאווירים זיינע געווען ווייט פון בערגל. זיי האָבן ברייט געשפאנט איבערן טיף פארשנייטן סטעפּ, וואָס האָט געפירט אפ מיירעוו, גלייך ווי זיי וואָלטן פאר די קנאפּע אָנדערהאלבן מעסלעס ניט דורכגעמאכט קימאט הונדערט קילאָמעטער און א גאנצע נאכט זיך ניט געראנגלט מיט דער זאווערוכע. קיין סימען פון מידקייט איז ניט געווען אין זייער טראָט.

דעם גאנצן וועג ביז די פאָדערשטע פּאָזיציעס האָבן זיי געפילט אפ זיך די ריינע לויטערע בליקן פון די קינדער, און פאר זייערע אויגן איז געשטאנען דאָס הויך-פארשנייטע בערגל און דער באפעל, וואָס וואסילי זאמיאטין האָט מיטן שארף פון באגנעט אויסגעקריצט אפן קייווער: „נעקאָמע!"

# דער ערשטער לימעד

די ערשטע אײַנוווינער, וואָס האָבנ זיכ באַוויזנ אפ די גאסנ פונעמ באפרײַטנ רוסישנ דאָרפ, זײַנענ געווענ די קינדער. אויסגעצערטע, אָפּגעריסענע זײַנענ זיי ארויסגעקראָכנ פונ די קעלערס, פונ די גריבער, געקומענ צו לויפנ פונ נאָענטנ וועלדל, אונ דאָס גאנצע דאָרפ איז פול געוואָרנ מיט זייערע הילכיקע קינדערשע קעלכלעכ. צוזאמענ מיט די סאפּיאָרנ האָבנ זיי זיכ געלאָזנ איבער די הויפנ, איבער די גערטנער, איבער די שטאלנ אונ כורוועס אונ אָנגעקליבנ פולע קעשענעס מיט קוילנ. אייניקע פונ זיי האָבנ ווי שפּילעכלעכ געשלעפּט אפ די אקסלענ נײַנקע דײַטשישע אווטאָמאטנ, ביקסנ, דורכגעשאָסענע קאסקעס אונ מיט קינדערשנ שטאָלצ ארײַנגעמארשירט מיט די צונויפגעקליבענע טראָפּייענ אינ הויפ פונעמ דאָרפראט, ווו עס האָט זיכ אָפּגעשטעלט דער שטאב פונ דעמ רויטארמייִשנ טייל. עס האָט ניט געהאָלפנ דאָס געשריי פונ די דערוואקסענע, דאָס בייזערנ זיכ פונ די סאפּיאָרנ. די קינדער האָבנ זיכ געטאָנ זייערס: געהאָלפנ צונויפקלײַבנ די טראָפּייענ. זיי האָבנ געקליבנ די קוילנ אונ גראנאטעס אינ די קעשענעס, אינ די היטלענ, אינ די פּאָלעס פונ די פּעלצלעכ, אינ זעק, אונ האָט עמעצער פונ זיי זיכ אָנגעשטויסנ אפ א קוילנווארפער, האָבנ זיכ עטלעכע קינדער אײַנגעשפּאנט ווי פערדלעכ אונ מיט א טומל זיכ געטראָגנ צומ שטאב.

מער פונ אלעמענ איז די קינדער געפעלנ געוואָרנ דער סאפּיאָר זעליק שטאָקפּיש. מיט זייער קינדערשנ כוש האָבנ זיי אינעמ וווקסיקנ באָכער מיט די ערנסטע שטרענגע אויגנ דערפילט א הארציקנ אונ צוגעלאָזענעמ מענטשנ. וואָס זעליק האָט זיי געזאָגט, האָבנ זיי אימ געפאָלגט, זיכ צו אימ געלאשטשעט ווי צו א טאטנ. וועגנ זיכ אליינ האָט דער סאפּיאָר זעליק שטאָקפּיש גאָרניט דערציילט, נאָר זיי האָט ער די גאנצע צײַט פאנאנדערגעפרעגט, ווער איז וואָס פאר א קלאס עס האָט זיכ געלערנט, וויאַזוי זיכ געלערנט, ווער איז געווענ זייער לערער, ווי האָבנ זיי געלעבט פאר די דײַטשנ. זעליק

שטאָקפּיש האָט געקאָנט אויסהערנ, אונ בא די קינדער איז עס אָפּטמאָל אינ אָנ א שיר מאָל טײַערער, ווי ווענ א דערוואַקסענער דערציילט זיי וועגנ זיכ אַלײנ.

פאַרבײַגײענדיק די לאַנגע אײנשטאָקיקע שול-געבײַדע, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער גאַס מיט אויסגעזעצטע פענצטער אונ אָפּגעריסענע טירנ, האָט זעליק דערזענ, ווי פונ אײנעמ א הויפ זײַנענ מיט א טומל אַרויסגעלאָפנ א סאַכ קינדער. צווישנ זיי איז געשטאַנענ אײַנגעהויקערט א הויכער אָפּגעריסענער דײַטש. דער דײַטש האָט פאַרדעקט דאָס פּאָנעמ מיט די הענט אונ געציטערט פאַר די ניט באַוואָפנטע קינדער א סאַכ מער, ווי פאַר באַוואָפנטע רויטאַרמײער. ער האָט געוואָרפנ דערשראָקענע בליקנ אָפּ די צונויפגעבײַלטע קינדערשע פויסטנ, אונ אַז ער האָט פאַר זיכ דערזענ דעמ באַוואָפנטנ זעליק שטאָקפּיש, האָט דער דײַטש פאַריסנ די הענט אינ דער הייכ אונ עפּעס געשטאַמלט. זעליק האָט אָפּגעקערעוועט פונ אימ דאָס פּאָנעמ, ווי מע קערעוועט זיכ אָפּ פונ א צעלײגטער נעווײלע.

— ווו האָט איר אימ געפונענ? — האָט זעליק געפרעגט בא די קינדער.

— אינ א סקירדע היי איז ער געלעגנ, ניט געוואָלט אַרויסגײנ. פאַר די פיס האָבנ מיר אימ אַרויסגעשלעפּט.

דער דײַטש האָט מיט הינטישער האַכנאָע אַרײַנגעקוקט זעליקנ אינ די אויגנ אונ ווידער גענומענ עפּעס שטאַמלענ.

— וואָס? האָסט זיכ דערשראָקנ פאַר אונדזערע קינדער? מאַרש!

שטאָקפּיש האָט אַראָפּגעכאַפּט פונ אַקסל די ביקס אונ אָפּגעפירט דעמ געפאַנגענעמ אינ שטאַב. די קינדער זײַנענ געבליבנ אויסוואַרטנ, וואָס וועט מענ טאָנ מיטנ דײַטש, אונ זעליק שטאָקפּיש האָט זיכ אומגעקערט צוריק צו דער לאַנגער אײנשטאָקיקער געבײַדע מיט די אויסגעזעצטע שויבנ אונ אַראָפּגעריסענע טירנ. ער האָט געהאַט א באַפעל: דורכקוקנ אַלע פרײַע הײַזער — צי זײַנענ דאָרט ניט פאַרלײגט קײנ מינעס.

אינ הויפ האָבנ זיכ געוואַלגערט צעבראָכענע פּאַרטעס, צעהאַקטע טאָוולענ, פונ אונטערנ שניי האָבנ אַרויסגעשטאַרצט צעפליקטע שילערישע העפטנ, ביכער, גלאָבוסנ, פאַרשײדענע לערנ-מאַכשירימ. דאָס ערשטע מאָל אינ זײַנ לעבנ איז שטאָקפּיש אינ אָט דעמ טיפ רוסישנ דאָרפ. נאָר אָט די געבײַדע, אינ וועלכער ער איז נאָכ קײנמאָל ניט געווענ, איז אימ עפּעס פונקט אַזוי ליב אונ טײַער

געווען, אזוי באַקענט, גלייך ער וואָלט פאַר זיך האָבן די ליכטיקע שטעטלשע שול אפ וואָלין, ווו ער איז יאָרנלאַנג געווען לערער. ער איז געשטאַנען אין גאַס און געקוקט אפ דער דאָרפישער שול ווי אפ דעם הויז, ווו עס איז אדורך זיין קינדהייט, און ער האָט שווער געאָטעמט. מיט שטילע איינגעהאַלטענע טריט איז ער נאָכדעם אריין אין הויף, און אין דער זעלבער רגע איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַנטקעגן אים אַן אָפּגעריסן יינגעלע פון א יאָר צען-עלף.

— די קלאַסן זיינען פאַרמינירט, — האָט דאָס יינגעלע פאַרסאָפּעט אויסגעשריען, — גייט ניט אהין!

זעליק האָט א קוק געטאָן אפן קינד ווי אפ א דערוואַקסענעם. אזא קליינטשקער און ווייסט שוין אויך, וואָס איז אזוינס פאַרמינירט.

— אין וועלכן קלאַס האָסטו זיך געלערנט?

— אין פערטן.

— אזוי גאָר. זאָג מיר נאָר, פונוואַנען ווייסטו, אז די שול איז פאַרמינירט?

— דער טאַטע האָט מיר געזאָגט, ער האָט אליין געזען.

— און ווו איז איצט דיין טאַטע?

דאָס יינגעלע האָט מיטן אַרבל א וויש געטאָן די פאַרלאָפּענע אויגן.

— די דייטשן האָבן אים נעכטן געשאָסן, ער איז ארויס פון וואַלד, ווו מיר זיינען געלעגן באַהאַלטן. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט און דערשאָסן. איך בין נאָרוואָס געקומען צו לויפן פון וואַלד, איך שטיי דאָ און היט, אז קיינער זאָל אהער ניט אריינגיין.

שטאָקפּיש האָט זיך א ווײַלע פאַרטראַכט און איז אריינגעגאַנגען אין שול. דער קאָרידאָר און קימאַט אַלע צימערן זיינען געווען פאַרמינירט. שטאָקפּיש האָט ארויסגעשלעפּט די מינעס, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן אונטער די פאַרשלאָגענע ברעטער פון דיל. נאָכדעם האָט ער אראָפּגענומען פון ביקס דעם באַגנעט און אָפּגעשאָבן פון די ווענט די אויסגעקריצטע פּאָרנאָגראַפישע בילדער. אינעם פיזישן קאַבינעט האָבן זיך געוואַלגערט פוסטע קאָלבעס און ספּירט-לעמפּלעך. אין איינעם פון די קלאַסן איז געהאַנגען אפן וואַנט א מאַפּע פון סאָוועטנפאַרבאַנד. די מאַפּע איז געווען איבערגעשטראָכן מיט גרויסע גאָטישע בוכשטאַבן: „דויטשלאַנד".

זעליק האָט ארויסגענומען פון קעשענע זיין בליישטיפט און צוגעשריבן מיט גרויסע רוסישע אויסיעס: „איז דאָ באַגראָבן געוואָרן".

ער האָט די מאפּע ניט אַראָפּגענומען. זאָל זי הענגען. ס'וועלן זי דערלערנען אונדזערע קינדער, און ווען ס'וועט קומען די צײַט, וועט מען אָט די זעלבע מאפּע אופהענגען אין די דײַטשישע שולן.

„דײַטשלאַנד איז דאָ באַגראָבן געוואָרן" — פון דעם וועט זיך אָנהייבן דער ערשטער לימעד אין די דײַטשישע שולן נאָך דער מ'לכאָמע.

דאָס יִינגעלע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין הויף.

— ווי רופט מען דיך? — האָט זעליק שטאָקפיש בא אים געפרעגט.

— קאָליא.

— און וווּ איז דײַן מאַמע?

— אין דער היים.

— גיי זאָג דער מאַמען דײַנער, זי זאָל דיך מאָרגן אויסריכטן אין שול, גיב איבער אַלע קינדער, זיי זאָלן מאָרגן קומען זיך לערנען.

— און ווער וועט מיט אונדז לערנען? — האָט דאָס יִינגל געפרעגט און דערבײַ שטיל־שטיל צוגעגעבן: — אונדזער לערער וולאַדימיר אַלעקסייעוויטשן האָבן די דײַטשן אופגעהאַנגען.

שטאָקפיש האָט אַראָפּגענומען פון קאָפּ די קאַסקע, זיך פאַרנייגט און שטיל געזאָגט:

— אַײַער נײַעם לערער רופט מען זינאָווי יאַקאָוולעוויטש. וועסט פאַרגעדענקען? זינאָווי יאַקאָוולעוויטש רופט מען אַײַער לערער.

דעם גאַנצן טאָג און ביז טיף אין דער נאַכט האָבן די רויטאַרמייער פון דעם טייל, וואָס האָט באַפרײַט דאָס רוסישע דאָרף, צוזאַמען מיט די אָרטיקע אײַנוווינער רעמאָנטירט די געבײַדע פון דער שול: אָנגעגלאָזט די פענצטער, אופגעהאַנגען טירן, פאַריכט דעם דאַך, צונויפגעקלאַפּט די פּאַרטעס און טישן, די פרויען האָבן געשאָבן און געוואַשן די דילן. זעליק שטאָקפיש האָט באַנאַנד מיט די קינדער געבראַכט אין אָרדענונג און צונויפגעקליבן די לערנמאַכשירים און ביכער. א גאַנצן טאָג און ביז טיף אין דער נאַכט האָט זיך געטומלט אינעם הויף און אין די צימערן פון שול.

באַגינען, ס'איז נאָך דער מאָרגנשטערן ניט פאַרשוווּנדן פון הימל, זײַנען שוין די קינדער געזעסן אויף די פּאַרטעס און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן נײַעם לערער.

אין דער באַשטימטער שאָ איז אין קלאַס אַרײַנגעקומען א וווּקסיקער רויטאַרמייער. ער האָט אויסגעטאָן פון זיך די ביקס, די קאַסקע, און די קינדער האָבן פאַר זיך דערזען דעם זעלבן רויט-

ארמייער, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן רעמאָנט פון דער שול. דאָס איז געווען דער סאפיאָר זינאָווי יאקאָוולעוויטש שטאָקפיש. דער נייער לערער איז צוגעגאנגען צום קיילעכיקן לערער-טישל, די קינדער האָבן זיך אופגעשטעלט. עטלעכע לאנגע רעגעס איז געווען שטיל, א טויטע שטילקייט איז געשטאנען אין קלאס, איבערגעריסן האָט זי זעליק שטאָקפיש.

— אין אלע שולן פון אונדזער לאנד וועלן מיר באערן דעם אָנדענק פון אונדזערע לערער, וואָס זיינען אומגעקומען פאר אייער גליק, קינדער, ווי ס׳איז אומגעקומען אייער לערער וולאדימיר אלעקסייעוויטש. זעצט זיך!

שטאָקפיש האָט אין די קינדערשע אויגן דערזען טרערן. ווי שטארק עס האָבן זיך פאר דער צייט פון מילכאָמע געענדערט די קינדער. ער, וואָס האָט אין מעשעך פון עטלעכע יאָר טאָג נאָך טאָג זיך באגעגנט מיט קינדער, האָט איצט ניט געוווּסט, וויאזוי זאָל ער זיך צו זיי ווענדן. ער האָט אופגעכאפט זייערע בליקן. די קינדער האָבן געקוקט אף דער איבערגעשטראָכענער מאפע, וואָס איז געהאנגען אף דער וואנט.

— דער קאָמאנדיר פון אונדזער טייל, — האָט שטאָקפיש זיך אָנגערופן צו די שילער, — האָט שוין אָנגעשריבן אין שטאָט, מע זאָל אהער אראָפּשיקן א לערער. דערווייל וועל איך מיט אייך לערנען. איך בין א לערער פון ביאָלאָגיע. ביאָלאָגיע, קינדער, דאָס איז די וויסנשאפט וועגן דער אנטוויקלונג פון לעבן. נאָך דעם ערשטן לימעד אונדזערן וועלן מיר אָנהייבן פון דעם, וויאזוי איז פאַרהיט געוואָרן דאָס לעבן אף דער ערד.

ער האָט אראָפּגענומען פון ביקס דעם באגנעט, וואָס האָט אים פארביטן א טייטל, און איז צוגעגאנגען צו דער מאפע.

— וויאזוי איז פאַרהיט געוואָרן דאָס לעבן אף אונדזער ערד, פון דעם וועלן זיך אָנהייבן די ערשטע לימודים פונעם לערנ-יאָר אין אונדזערע שולן, — און דער לערער שטאָקפיש האָט דערציילט די געשיכטע פון באפרייטע שטעט, פון דערפער, פון טייכן, וואָס ליגן אפן גרויסן טראקט פון זיג.

די שטראלן פון דער אופגייענדיקער זון האָבן זיך געשפיגלט אינעם בלאנקן שטאָל פון זיין באגנעט.

עטלעכע טעג איז דער רויטארמייישער טייל געשטאנען אינעם דאָרף, און יעדן טאָג האָט דער סאפיאָר זעליק שטאָקפיש זיך באגעגנט מיט די קינדער אין די ליכטיקע צימערן פון שול, און אז

דער טייל האָט פאַרלאָזן דאָס דאָרף, זײַנען אַלע קינדער אַרויס באַגלייטן זייער נײַעם לערער.

דער לערער פון ביאָלאָגיע זעליק שטאָקפיש איז מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס אויפן אַקסל געגאַנגען ווײַטער אויף מײַרעוו. די זון האָט זיך געשפּיגלט אינעם בלאַנקן שטאָל פון זײַן באַגנעט.

## זייַן שפּראַך

די טעג איז מיר אויסגעקומען באַזוכן איינעם פון די שטאָטישע שפּיטאָלן, ווו ס'איז געלעגן מייַנער זייער אַ נאָענטער כאַווער, מיט וועלכן איך האָב געדינט אין איין טייל. געקומען אין שפּיטאָל, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מייַן כאַווער איז שוין ווידער אָפּן פראָנט.

— זייַן נייַעם אַדרעס קאָנט איר זיך דערוויסן באַ אונדזער הויפּט־דאָקטער, — האָט מיר געזאָגט די מעדיצין-שוועסטער, — מיר האָבן דאָ קימאַט אַלע אַדרעסן פון די אויסגעהיילטע שלאַכטלייַט.

דעם דאָקטער האָב איך אין קאַבינעט ניט געטראָפן. ער איז געווען פאַרנומען אין אָפּעראַציע-צימער, און פריער ווי אין צוויי־דריַי שאָ אַרום וועט ער זיך ניט באַפרייַען.

כ'האָב באַשטימט צוּוואַרטן.

געווען איז דאַן אַ לינדער פרילינגדיקער טאָג. דער שפּיטאָל איז געשטאַנען אין אַ געדיכטן סאָד. דער אַראָמאַט פון די זיך צעלאָזנע קנאָספּן, וואָס האָט זיך אַהער אַרייַנגעריסן, איז געווען אויסגעמישט מיט די רייכעס פון פאַרשיידענע רעפּועס. דורך די הויכע פענצטער האָט די זון געשאָטן אַ גילדענעם שטויב אָפּן פּילפאַרביקן טעפּיך, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן קאָרידאָר, אָפּ די גרינע פיקוסן, אָפּ די בענקלעך און ווייכע דיוואַנען, וואָס זייַנען געשטאַנען באַ די ווענט. איבערן לאַנגן קאָרידאָר האָבן שפּאַצירט פאַרוווּנדעטע שלאַכטלייַט. יעדעס מאָל, ווען זיי זייַנען פאַרבייַגעגאַנגען די פּאַלאַטע מיט דער האַלב-גלעזערנער טיר, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און עפּעס מאָדנע זיך איבערגעקוקט. אין אַ צייַט אַרום איז מיט אַ פּעקל זשורנאַלן אין די הענט אַרייַנגעגאַנגען אַהין אַ סאַניטאַר, און אַרויסגייענדיק פון דאָרט, האָט ער געלאָזן עטוואָס אָפּן די טיר.

ווען אין קאָרידאָר איז מער קיינער ניט געווען (ס'איז שוין געווען די צייַט פון מיטיק), האָב איך זיך אויפגעהויבן פון דיוואַן,

בין שטיל צוגעגאנגענע צו דער עטוואָס געעפנטער טיר פון פּאלאטע און האָב פאר זיך דערזען א קליין ציכטיק צימער, וואָס איז געווען פארגאָסן מיט זון. אין צימער איז געשטאנען א בעטל, עטלעכע שטולן און א קליין טישל, אף וועלכן ס׳זיינען געלעגן צייטונגען און זשורנאלן. די ווענט פון פּאלאטע זיינען, ווי אין א מוזיי, געווען באהאנגען מיט בילדער. באַם פענצטער, מיטן רוקן צו מיר, איז געזעסן א מענטש מיט א פארבונדענעם קאָפּ, און אין זיינע הענט האָב איך דערזען א פּענדזל.

ס׳האָט מיך א ציִ געטאָן אינווייניק.

— מע קאָן?

דער מענטש, וואָס איז געזעסן באַם פענצטער, האָט זיך אומגע-קוקט, פריינטלעך א שאָקל געטאָן צו מיר מיטן קאָפּ און זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט. באַ אים איז געווען א טונקל פּאָנעם און גרויסע שווארצע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן מיט אן אינערלעך פייערל.

איך בין געשטאנען אינמיטן צימער און באטראכט די בילדער אף די ווענט. איניגיכן האָב איך פארגעסן, אז איך געפין זיך אין א פּאלאטע פון א שפּיטאָל. מיר האָט זיך געדוכט, אז איך שטיי אין ברייטן זוניקן סטעפּ און פיל דעם אראָמאט פון אָנגעקאָסעטע היי, דעם קילן אָטעם פון א פרישן ווינטל, וואָס האָט געשטיפט אין הויכן ווייץ. ביזן סאמע האָריזאָנט האָבן זיך געצויגן פעלדער מיט אָנגעגאָסענע זאנגען. מיר האָט זיך געדוכט, אז איך הער, ווי ס׳רוישן די גאָלדענע קערנער אונטער די צעפּאָכטע פליגל פון די קאָמביינען. אף איינעם א קאָמביין איז געזעסן א יונגער באָכער. זיינע גרויסע שווארצע אויגן האָבן געשמייכלט צו דער זון, צום סטעפּ, צום שלאנקן מיידל, וואָס איז געשטאנען דערבײַ.

ארום-בארג איז געלעגן דער יישעוו: שניי־ווייסע הײַזער, געדעקט מיט דאכלקעס, און לענגויס די גאסן — אלייען גרינס. אלץ איז געווען פארגאָסן מיט העלער זון. קיין שפּרענקעלע ניט צו געפינען אין הימל.

וואָס לענגער איך האָב געקוקט אפן לייוונט, אלץ שווערער איז געווען צו גלייבן, אז דאָס איז בלויז א בילד. איבערגעבן אף א לייוונט אזוי פיל פרייד, אזוי פיל ליכט און צארטקייט האָט גע־קאָנט בלויז יענער קינסטלער, וואָס האָט מיט אלע זיינע כושים געפילט די גרויסע פרייד פון לעבן. אונטן איז געווען אן אונטערשריפט: „אף אונדזער פרידלעכער ערד. מאָטל מילשטיין“.

— ווער האָט געמאָלט דאָס בילד? איר?

דער פאַרוווּנדעטער באָכער האָט זיך אומגעקוקט צו מיר מיט זײַנע גרויסע שוואַרצע אויגן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך ווידער פאַרטיפט אין דער אַרבעט.

זײַן שווײַגן האָט מיך געוווּנדערט און געערגט: „פאַרוואָס וויל ער ניט ריידן?"

איך בין איבערגעגאַנגען צום צווייטן בילד, צום דריטן, צום פערטן און בין פּלוצעם אָפּגעטראָטן אַ צוריק. כ'האָב פאַר זיך דערזען אַ סרייפע. אַ שטאָט איז געווען אײַנגעהילט אין פלאַם-פײַער, און ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז דאָס פײַער דערנענטערט זיך צו מיר. לעבן אַ ברענענדיק הויז איז געזעסן אַ קליין מיידע-לע און מיט גרויסע דערשראָקענע אויגן געקוקט, ווי דאָס פײַער דערנענטערט זיך צו איר טויטער מאַמען, וואָס איז געלעגן לעבן איר. אויפן פאָדער-פּלאַן איז אײַנגעטונקט אין גרינס געשטאַנען אַ צווײַשטאָקיקער מויער. אויפן מויער איז געהאַנגען אַ שילד: „שפּיטאָל פאַר פּסיכיש קראַנקע". צעפּאַטלטע, צעכראַסטעטע, באָר-וועסע, מיט אַ ווילד געלעכטער אויפן פּאָנעם זײַנען די מעשוגאָים געלאָפן צום פײַער פון דער אונטערגעצונדענער שטאָט, און די דײַטשן זײַנען זיי נאָכגעלאָפן קוקנ אַף דער פאַרוויילונג.

אויפן לײַוונט איז געווען אַן אויפשריפט: „די דײַטשן אַף אונדזער ערד". און די זעלבע כסימע: „מאָטל מילשטיין".

ס'איז שוין געווען ווײַט נאָך האַלבן טאָג, און איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען בײַ די בילדער. דײַטשלאַנדס אייביקע שאַנד איז דאָ געווען פאַרקריצט אַף די לײַוונטן.

אין סאַמע ווינקל פון פּאַלאַטע איז געהאַנגען אַ קליין געמעל, וואָס איז געווען אײַנגעפּאַסט אין אַ ראַמל.

...אַ ווינטערדיקער אָוונט. אײנמיטן פעלד — אַ הויכ פאַרשנייט בערגל. אויפן בערגל ליגן אומבאַוועגלעכ עטלעכע רויטאַרמייער. זיי זײַנען טויט. בלויז צוויי שלאַכטלײַט האַלטן זיך נאָך. בײַ איינעם פון זיי זײַנען די אויגן שטײַף פאַרבונדן. פון אונטערן באַנדאַזש טריפן אויפן קלאָרן שניי טראָפּנס בלוט. בלינדערהייט האַלט ער אין די הענט אַן אווטאָמאַט, וואָס איז געווענדט צום אָוונטיקן פעלד, איבער וועלכן עס גרײַפן אָן די דײַטשן. דער צווייטער רויטאַרמייער האַלט אונטער מיט אַ פאַרוווּנדעטער האַנט דעם אווטאָמאַט פון זײַן בלינד געוואָרענעם כאַווער. ער ווײַזט אים אָן די ריכטונג וווהין צו שיסן. אין דער אַנדערער האַנט האַלט ער פאַרקוועטשט אַ גראַנאַטע.

אינעם רויטארמייער האָב איך דערקאָנט דעם זעלבן באָכער, וואָס איז געזעסן אפן קאָמבײַן אין זונ-פאַרגאָסענעם סטעפּ. א סאַך ענלעכעס איז געווען צווישן דעם רויטארמייער מיט דעם, וואָס איז איצט געזעסן באַם פענצטער און געמאָלט. אפן בילד איז געווען אַן אויפשריפט: „פאר אונדזער ערד". די כסימע די זעלבע — „מאָטל מילשטיין".

די פארקישעפט בין איך געשטאַנען הינטער דער פּלייצע פונעם באָכער און געקוקט, ווי זיכער עס באַוועגט זיך אין זײַנע הענט דאָס פּענדזל. דאָס בילד, וואָס ער האָט געמאָלט, איז נאָך ניט געווען פארענדיקט, נאָר ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס מאָלט ער זיך אליין. ער האָט זיך געמאָלט אין א גרויסע סאָלדאטישע שינעל, און אין די הענט האָט ער געהאלטן א ביקס. בא דער זײַט איז געווען אַן אויפשריפט:

„דאָס איז מײַן שפראַך".

— אײַער פאמיליע איז מילשטיין?

דער באָכער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט מיר אָנגעשריבן א צעטעלע:

„אנטשולדיקט מיר. איך בין איצט זייער שטארק פארנומען. קומט אריַין שפּעטער, וועלן מיר זיך דורכשמועסן".

איך בין שטיל ארויס פון פּאלאַטע און געבליבן שטיין אפ יענער זײַט טיר נאָך אלץ באַצויבערט פונעם געזעענעם.

— איר האָט זיך שוין געזען מיטן דאָקטער?

לעבן מיר איז געשטאַנען די מעדיצין-שוועסטער, וואָס האָט מיך אהער ארײַנגעפירט.

— ניין נאָך.

כ'האָב זיך געלאָזן צום קאבינעט און בין פּלוצעם געבליבן שטיין.

— אנטשולדיקט מיר, שוועסטער, — האָב איך זיך צו איר אָנגערופן, — ווער איז אָט דער פארוווּנדעטער מאָטל מילשטיין?

— פונוואַנען קאָנט איר מילשטיינען?

— כ'בין צופעליק אריַין צו אים אין פּאלאַטע, און מיר האָבן זיך באַקענט. ריידן מיט אים איז מיר ניט אויסגעקומען. ער איז איצט שטארק פארנומען.

— באַטאָג איז ער שטענדיק פארנומען. ס'איז אים זייער שווער אָפּרײַסן פון דער ארבעט. ער איז שוין בא אונדז דעם פינפטן כוידעש. געווען זייער שווער פארווונדעט. די קויל האָט אים גע-

טראָפּן איז נאַקן און איז אַרויס דורכן מויל. מע האָט אים עטלעכע מאָל אָפּעריִרט. איצט פילט ער זיך שוין קימאַט איינגאַנצן געזונט, נאָר ריידן קאָן ער ניט.

— ער איז א שטומער?! — האָב איך אויסגעשריִען און זיך באַלד פאַרכאַפּט.

— צום באַדויערן איז ער פאַרבליבן א שטומער, — האָט די שוועסטער שטיל געענטפערט.

— און ער ווייסט וועגן דעם, צי ער האָפט נאָך?..

— ער ווייסט אַלץ. א גאַנצן טאָג זיצט ער אַזוי מיטן פּענדזל. מאָלן— דאָס איז איצט זיין איינציקע שפּראַך, אַף וועלכער ער רעדט זיך דורך, אַף וועלכער ער דערציילט אונדז, וואָס ער האָט געזען און דורכגעלעבט. אָט די אַלע בילדער, וואָס איר האָט געזען, גרייט ער צום מישפּעט איבער די דייטשן. אַזוי האָט ער אונדז געזאָגט.

— און וווהין קלייבט ער זיך פאָרן?

— צוריק אַפן פראָנט.

פאַר מיינע אויגן איז אויפגעשוועמט דאָס לעצטע בילד, וואָס מילשטיין האָט נאָך ניט פאַרענדיקט. א רויטאַרמייער איז א גרויסן סאָלדאַטישן שינעל האַלט אין די הענט א ביקס.

# דער ריכטער

א צווייסטאָקיק מויערל מיט הויכע ליכטיקע צימערן. אין די צימערן, הארט בא די ווענט, שטייען אויסגעשטעלט לאנגע טישן. יעדער טיש איז צעטיילט מיט נידעריקע הילצערנע ווענטלעך אף זעקס גלײַכע טיילן. צו זעקס מענטשן בא א טיש.

בא איינעם פון די לאנגע טישן ארבעט בעניע רובינטשיק — א יונגער, נאָך גאָר א יונגער באָכער. דאָס קײַלעכיקע פּאָנעם — בלאס, דער שטערן אין קנייטשן. אונטער די שווארצע ברילן-גלעזלעך באַהאלטן זיך אויס צוויי פּארגליווערטע שווארצאפּלען. ער זיצט עטוואָס אָנגעבויגן, און זײַנע שטײַפע פּילבארע פינגער באוועגן זיך גיך-גיך ווי בא א געניטן פּיאנע-שפּילער. עטלעכע מאָל אין טאָג הייבט ער זיך אוף פון אָרט און לאָזט זיך צו דער מאשין ארומשנײַדן די געדיכטע זשמוטן האָר פון די אויסגעארבעטע בערשטלעך. ער גייט מיט זיכערע האסטיקע טריט.

די ערשטע טעג פלעגט ער, גייענדיק צו דער מאשין, זיך אָנשטויסן אף די טישן, אף די ווענט און אָפטמאָל פארבלאָנדזשען אין שכייניסדיקן צימער.

— בענטשיק, וווהין דארפסטו? — פרעגט מען אים.

— וווהין איך דארף, אהין וועל איך טרעפן, — ענטפערט ער מיט א שמייכל.

דעם שמייכל זײַנעם האָבן זײַנע כאווירים ניט געזען. בא זיי זײַנען אויך פּארגליווערטע שווארצאפּלען, וואָס שטארצן גרויזאם ארויס פון אונטער די פאריסענע וויִעס. זיי האָבן בלויז געפילט דעם שמייכל זײַנעם. קיינער פון די, וואָס ארבעטן צוזאמען מיט אים בא די טישן, האָבן בעניען ניט געזען און וועלן אים קיינמאָל ניט זען, נאָר א פאָרשטעלונג האָבן זיי געהאט, אז בא בעניען זײַנען געווען בלויע לוסטיקע אויגן, וואָס האָבן טאָמיד געשמייכלט. דאָס זעלבע האָט אויך בעניע געקלערט וועגן זײַנע נײַע כאווירים, וואָס ער האָט זיי קיינמאָל ניט געזען און וועט זיי קיינמאָל ניט זען,

כאָטש ער וווּנט מיט זיי אין איין הויז, טרעפט זיך מיט זיי יעדן טאָג בא דער ארבעט, שפּאצירט צוזאמען מיט זיי איבער דער שטאָט, באַם ברעג טײַך. איינער מיטן אנדערן איז צונויפגעלעבט ווי א ברודער מיט א ברודער, ווי א שלאכטמאן מיט א שלאכטמאן אף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. שטייט עמעצער אָפּ אין דער ארבעט, קומט דער צווייטער אים צוהילף, און אז בעניע האָט דאָס ערשטע מאָל זיך געזעצט צום טיש, זײַנען אלע געקומען אים לערנען דעם נײַעם פאך — אויסארבעטן בערשטלעך.

ס'איז ערשט דער אנדערער כוידעש אוועק, און בעניעס פינגער האָבן זיך שוין אויסגעארבעט ווי בא א געניטן פּיאנאָ-שפּילער. פלינק און געניט ציט ער ארײַן די זשמוטנס האָר אין די טונקל-ברוינע קלעצלעך.

— וויפל קאָן איצט זײַן דער זייגער? — גיט ער א פרעג בא זײַן שאָכן.

— האָסט זיך שוין אײַנגעמידט, בענטשיק?

— אײַנגעמידט? פון ארבעט מיד איך זיך קיינמאָל ניט אײַן. כ'וויל בלויז וויסן, צי וועט זיך מיר אײַנגעבן אויסארבעטן א צוויי-ענדיקע נאָרמע... און וואָס פאר א מיליטער האָסטו געדינט? — פרעגט בענטשיק דעם שאָכן.

— אין פּעכאָטע.

— נו, אויב אזוי, ווייסטו טאקע ניט, ווי די קאוואלעריסטן קוקן ארויס אף אונדזערע בערשטלעך. בא א קאוואלעריסט איז אן אויסגעבארשט פערד דאָס זעלבע, ווי בא א פּעכאָטינעץ אן אויס-גערייניקטע ביקס. וואָס איז אזוינס א קאוואלעריסט, פרעג שוין מיך.

בא סאָלדאטן איז פאראן א טעווע — אז מע קומט זיך ערגעץ צונויף, הייבט יעדערער אָן לויבן זײַן טייל, זײַן געווער. בעניע איז ניט געווען קיין אויסנאַם. וועגן דער קאוואלעריע האָט ער געקאָנט דערציילן און דערציילן. און אזוי ווי בעניע פלעגט דערציילן, האָט קיינער ניט געקאָנט. אז בעניע רובינטשיק האָט זיך אוועקגעזעצט דער-ציילן פונעם פראָנט, האָט זיך זײַנע כאווירים — אינוואלידן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע — געדוכט, אז זיי זײַנען צוריק געוואָרן זעעוודיק. די שלאכט-פעלדער, די כאָרעווע שטעט און דערפער האָבן זיי פאר זיך דערזען, און אויסגעהאקט ווי פון שטיין זײַנען דעמלט געווען זייערע פּענעמער.

וועגן זיך אָבער האָט בעניע פארשוויגן.

— וואָס קאָן איך אײַך דערציילן? כ'בין געווען א געוויינלעכער סאָלדאט. א ריאדאָוואָי קאוואלעריסט.

אין איינעם אזא אָוונט, ווען בעניע רובינטשיק האָט דערציילט איינע פון זיינע געשיכטעס, האָט דער בריוונטרעגער געבראַכט רובינטשיקן א בריוו.

— פונוואַנען איז דאָס? — האָט ער פאַרוווּנדערט געפרעגט באַם בריוונטרעגער.

— פון פראָנט.

— פון פראָנט? מיר? כאָוועך בריוונטרעגער, לייענט איבער אַף א קאָל, וואָס איז דאָ אָנגעשריבן.

— בעני רובינטשיקן פון ניקיטאַ מאַטווייעוויטש אַניקייענקאָוו.

— ס'קאָן ניט זיין.

— ווער איז ער עס, ניקיטאַ מאַטווייעוויטש?

— מיין קאָמאַנדיר, — האָט בעניע געענטפערט, און אַז אַלע זיינען צו אים צוגעשטאַנען, האָט ער זיי דערציילט:

„אַכצן יאָר בין איך אַלט געווען, ווען איך האָב געענדיקט די שול. ווען מיין אַטעסטאַט איז אָנגעקומען אין אינסטיטוט, בין איך שוין געווען אַפן פראָנט. אין דער קאַוואַלעריע האָב איך גע-דינט. רייטן אַפ א פערד האָב איך זיך נאָך אויסגעלערנט קינדווייז. מיין טאַטע איז געווען א באַלעגאָלע.

אַז איך בין אָנגעקומען אין דער קאַוואַלעריע, איז אונדזער דיוויזיע געשטאַנען אַפן קאַווקאַז. מיר האָבן דעמלט געטריבן דעם סוינע צוריק. וויפל מאָל איז מיר פאַר אָט דער צייט אויסגעקומען זיין אין אַטאַקע, און איך בין שטענדיק אַרויס גאַנצ. וויפל מאָל האָט מען מיך געשיקט אין אויסשפּיר — און גאָרניט. אפילו ניט פאַרוווּנדעט. דער קאָמאַנדיר אונדזערער פון עסקאַדראָן, ניקיטאַ אַניקייענקאָוו, האָט זיך אַפילו געכידעשט: „ביסט א מאַזלדיקער, בענטשיק, האָט ער מיר געזאָגט, קריכסט אין פייער, און דאָס פייער אַנטלויפט פון דיר. ביסט א געבוירענער אויסשפּירער. דו זעסט אַלץ, און דיך זעט קיינער ניט". דאָס איז עמעס. מיינע אויגן האָבן מיך קיינ-מאָל ניט אונטערגעפירט. א בלעטל, אַז ס'האָט זיך אָפּגעריסן פון א בוים, האָב איך דערזען פאַר א ווי‏אָרסט. אונטערגעפירט האָט מיך א געוויינלעכ קאָרנבלימל.

געווען איז עס היינטיקן זומער און געשען איז עס אין א העלער לעוואָנעדיקער נאַכט. דער קאָמאַנדיר האָט מיך געשיקט אין אויסשפּיר. דער וועג צו דעם סוינעס פּאָזיציעס, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן אויסגעברענטע פעלדער, האָט מיך געבראַכט צו א טאָל. פּויזענדיק אַפ אַלע פיר, האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזן אין טאָל.

און שטעלט זיך פֿאָר, כ׳האָב דאָרט קיינעם ניט געטראָפֿן. ליידיקע שוצגראָבנס. גלאַט אַזוי, אָן אַ שלאַכט זאָל דער סוינע אָפּטרעטן? עפּעס איז אין דעם פֿאַראַן! ס׳איז מיר געווען שרעקלעך, נאָר כ׳בין געגאַנגען ווײַטער. פֿון ביידע זײַטן וועג האָבן זיך געצויגן לאָנקעס. אַנטקעגן דער לעוואָנע האָבן זיך געכיינט קאָרנבלימלעך; פּונקט אַזעלכע, ווי עס זײַנען געוואַקסן הינטער אונדזער שטעטל. איך בין אַרויף אויף דער לאָנקע און האָב ניט ווילנדיק אויסגעשטרעקט די האַנט. וואָס איז געווען ווײַטער, געדענק איך ניט. אויפֿגעכאַפּט האָב איך זיך אין שפּיטאָל מיט אַ געשריי, אַז אַלע פֿאַרוווּנדעטע זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען פֿון די בעטלעך.

— צינדט אָן פֿײַער, — האָב איך ניט מיט מײַן קאָל געשריִען.

— ס׳איז דאָך ערשט האַלבער טאָג, — האָט עמעצער אַ זאָג געטאָן.

לאַנג-לאַנג בין איך אַזוי געלעגן מיט אָפֿענע אויגן און ביסלעכווײַז אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, אַז איך בין בלינד. צו נײַנצן יאָר געוואָרן בלינד.

— ווען ניט דו, — האָט מיר נאָכדעם געזאָגט דער דאָקטער, — וואָלט דער גאַנצער עסקאַדראָן אַרויף אויף די מינעס, וואָס די דײַטשן האָבן צעשטעלט אויף די לאָנקעס״.

... אין יענער נאַכט איז בעניע געזעסן לענגער, ווי שטענדיק. פֿאַרטיפֿט אין זיך, איז ער געזעסן באַם טיש און געלייענט מיט די פֿינגער די אויפֿגעבלעזלטע זײַטלעך פֿון אַ בוך.

— וואָס טוסטו אַזוי שפּעט? — האָבן זײַנע כאַווייריִם באַ אים געפֿרעגט.

— איך לערן זיך. אויף אַ ריכטער וועל איך זיך לערנען. איך וועל מישפּעטן די, וואָס האָבן געצונדן אונדזערע שטעט, געקוילעט אונדזערע עלטערן, אונדזערע קינדער. איך האָב רעכט אויף דעם.

שאַרף, ווי אַ שווערד, איז געווען זײַן אויפֿגערעגטע שטים.

# אינ וועג

## 1

באמ איינ-אונ-איינציקנ לאמטערנ, וואָס איז, ווי דורכ א נעס, געבליבנ גאנצ אפנ צעשעדיקטנ פעראָנ, איז אינ א פינצטערער סאָפזומער-נאכט געשטאנענ א מיטלוווקסיקער יונגערמאנ פונ א יאָר עטלעכע אונ צוואנציק. אָנגעטאָנ אינ לאנגנ, צעקנייטשטנ שינעל אונ פארבלאָטיקטע שטיוול, מיט א ניט ראזירט אויסגעמאטערט אונ שלעפעריק פּאָנים, האָט ער געמאכט אנ אייַנדרוק פונ א מענטשנ, וואָס איז זייער לאנג געווענ אונטערוועגנס, אונ איצט שטייט אימ ווידער פאָר א ווייַטע אונ שווערע נסיעה.

דער פארשפעטיקטער צוג, וואָס האָט אימ אהער געבראכט צו פירנ פונ דער נאָענטער רעפובליקאנישער הויפט-שטאָט, איז שוינ פונ לאנג פארשווונדנ אינעמ געדיכטנ כוישעכ. די אָנגעפּאָרענע פּאסאזשירנ זייַנענ זיכ שוינ פונ לאנג צעגאנגענ איבער די צעוואָרפענע דערפלעכ אונ יישוווימ, אונ דער אָנגעקומענער יונגערמאנ איז נאָכ אלצ געשטאנענ אפנ צעשעדיקטנ פעראָנ. ער איז געשטאנענ אונטערנ רעגנ אונ מיט פארנעפלטע בליקנ באטראכט דאָס קליינע אויסגעווייקטע וואָקזאלכל. ס'האָט זיכ אימ עפּעס אלצ ניט געגלייבט, אז ער געפינט זיכ אפ דער זעלבער סטאנציע, וואָס איז אימ געווענ אזוי גוט באקאנט אונ אזוי נאָענט. אפילע דאָס לעצטע יאָר, ווענ ער האָט פונ סטעפ זיכ געהאט אריבערגעקליבנ אינ שטאָט, האָט ער בא דער מינדסטער געלעגנהייַט זיכ באמיט ארפּאָפכאפנ אהער אונ אפ וויפל ער געדענקט, איז, דאכט זיכ, ניט געווענ דער כוידעש, ער זאָל דאָ ניט זייַנ צוגאסט.

אינ וועלכער שאָ פונ מעסלעס ער זאָל אהער ניט געווענ קומענ, איז ער גלייַכ פונ צוג אריַינ אינעמ שטענדיק טומלדיקנ אונ באלעבטנ וואָקזאלכל. קימאט טאָמיד האָט ער דאָרט געטראָפנ פויערימ פונ די ייִדישע פאָנדנ. יעטווידנ איינעמ פונ זיי האָט ער געקאָנט

בא די נעמענ אונ אלע האָבנ געקאָנט אימ. זיי פלעגנ אימ באגע־גענען, ווי מע באגעגנט אנ אייגענעמ זונ, אונ אויסדערציילנ די מינדסטע נײַסנ פונ דאָרפ. פונ אימ האָבנ זיי קיינמאָל גאָרנישט ניט געלייקנט.

אונ איצט איז דאָס זעלבע וואָקזאלכל געשטאנענ מיט אופגע־ריסענע טירנ אונ אויסגעהאקטע פענצטער — אנ איינזאמע כורווע אפ א פארוואָרפענעמ וועג. קיינער פונ די אראָפּגעשטיגענע פאסא־זשירנ איז אהינ ניט ארײַנ, אונ פאר דער צײַט, וואָס ער שטייט דאָ, איז נאָכ קיינער פונ דאָרט ניט ארויס. באמ שײַנ פונעמ טונקעלנ לאמטערנ האָט ער געזענ, ווי דער דעגנ פארגיסט דורכנ אופגעריסענעמ דאכ די אינוויינקסטע כאדאָרימ, ער פילט אויכ אָנ מיט וואסער די טיפע גרוב אפנ סאמע מיט פונ פעראָנ — א גרויסע שווארצע גרוב, וואָס איז געבליבנ נאָכ דער אראָפּגעוואָרפענער באָמבע.

— ס׳וועט זײַנ באצאָלט! פאר אלצ וועט זײַנ באצאָלט!

אונ דער יונגערמאנ איז האסטיק אוועק צומ ראיסאָוועט, וואָס האָט זיכ געפונענ אפ יענער זײַט באנ-ליניע.

ס׳איז שוינ געווענ טיפ אינ דער נאכט, אונ א כוישעכ — אז מע האָט זיכ אליינ ניט געזענ, נאָר דער פלאצ ארומ דעמ צוויישטאָקיקנ ראיסאָוועט-הויז איז, ווי אינ א גרויסנ יאריד-טאָג, געווענ פול מיט מענטשנ; גערעדט האָט מענ דאָ צווישנ זיכ שטילערהייט, אז קיינ דריטער זאָל ניט קענענ הערנ. אפ טריט אונ שריט האָט דער יונגער־מאנ זיכ אָנגעשטויסנ אפ מענטשנ, אפ אויסגעשפאנטע וועגענער אונ בריטשקעס.

באמ ארײַנגאנג אינ ראיסאָוועט האָט אימ עמעצער הארב אָפּ־געשטעלט:

— ווער גייט עס? אײַערע דאָקומענטנ!

דער יונגערמאנ האָט בעקיווונ זיכ ניט אָפּגערופנ. שווײַגנדיקער־הייט האָט ער ארויסגענומענ פונ דער בוזעמ-קעשענע א דאָקומענט אונ דערלאנגט דעמ פאטרול. בא דער שוואכער שײַנ פונעמ האנט־לאמטערנדל האָט דער פאטרול איבערגעלייענט די צײַגעניש: „דער באפולמעכטיקטער פונעמ רעפובליקאנישנ ראטפאָלקאָמ סאָלאָמאָנ גע־דאליעוויטש ריזמאנ איז קאָמאנדירט אינעמ יידישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ...“

— או, א גאסט! — האָט דער פאטרול זיכ אָפּגערופנ, אומקערנ־דיק דעמ יונגנמאנ די צײַגעניש. — שאָלעמ-אלייכעמ! דערקענסט מיכ ניט? איכ בינ דאָכ באסאָוו. מאָרדכע באסאָוו.

— איכ ווייס. פונעמ נײַנ-אונ-אכציקסטנ יישעוו? נו, וואָס הערט זיכ דאָ עפּעס בא אײַכ?

— וואָס זאָל זיך הערן, שלוימע, מילכאָמע.

— יאָ. מילכאָמע! — האָט שלוימע ריזמאַנ שטיל איבערגעכאַזערט.— מילכאָמע!

ער האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטנ פּאָנעמ צומ באַלאַגערטנ פּלאַצ:

— וואָס טוט דאָ אַזויפיל אוילעמ?

— ס'הייסט וואָס? — האָט באַסאָוו פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט.— די שאָ זאָל ניט זײַנ, ווי איז כאָלילע, טאָמער דערקלײַבט זיך דער דײַטש אהער. נו, איז גרייט מענ שוצגראָבנס, באַהעלטעניִשנ. מיר זײַנען איצט אַלע סאָלדאַטנ.

— אונ ווו איז מײַעראָוו? באַ זיך? — אונ ריזמאַנ האָט, איבער־היפּנדיק צו עטלעכע טרעפּ, זיך אופגעהויבנ אַפנ צווייטנ שטאָק.

אינעמ שטאַרק אָנגערייכערטנ קאַבינעט איז געווענ האַלב טונקל אונ איבערגעפּולט מיט מענטשנ. דער פּאָרזיצער פונ ראַיִסאָוועט יויסעפ מײַעראָוו האָט דעמ אַרײַנגעקומענעמ יונגנמאַנ קימאַט ניט דערקענט, אַפּ אַזויפיל האָט ריזמאַנ זיך געענדערט. דאָס לענגלעכע פּאָנעמ — אויסגעצערט, די פולבלעכע אונטערשטע ליפּ — אַראָפּגע־האַנגענ, אונ אינ די קאַרע אויגנ זײַנע — גאָר אַנ אַנדער בליק. ס'האָט אינ זיי געפעלט דער שטענדיקער שמייכל זײַנער.

— שלוימע? דו?

ריזמאַנ איז צוגעגאַנגענ צומ טיש.

— מע האָט מיך אהער געשיקט העלפנ עוואַקויִרנ דעמ ראַיאָנ. רופּ דרינגענדיק אַרויס די מיטגלידער פונ ראַיִוספּירקאָמ.

מײַעראָוו האָט זיך געענדערט אינ פּאָנעמ.

— הייסט עס, מיר וועלנ פונדאַנענ מוזנ אָפּטרעטנ, אַ, שלוימע?

עטלעכע רעגעס איז געווענ שטיל. מע איז געשטאַנענ ווי פאַרשטיינערט, אונ מיטאַמאָל האָבנ זיך אַלע געגעבנ אַ לאָז צו שלוימע ריזמאַנענ אונ אימ פאַרשאָטנ מיט פראַגנ.

— איז טאַקע עמעס, אַז דער דײַטש איז שויִנ ניט ווײַט פונ סיוואַש?

— וויִאַזוי קלערט מענ אַרויספירנ די מענטשנ, מיט דער יאַבאָשע צי מיטנ יאַמ?

— ווידעראַמאָל מיטנ יאַמ, — האָט אַנ עלטערער ייִד פאַר זיך אַ זיפצ געטאָנ.

— וואָס הייסט עס באַ אײַך — ווידעראַמאָל?

— באַ יעציִעס־מיצראַיִמ האָבנ מיר זיך עוואַקויִרט מיטנ יאַמ, — האָט דער ייִד געענטפערט, — אונ איצט ווידעראַמאָל.

— א מאָשל.

— שלוימע, ס'איז א געזעץ, אז אלע מוזן זיך עוואקויִרן? ווי איז דער דין, טאָמער וויל איך בלײַבן א היגער? כ'וויל זײַן א פארטיזאן?

— זעט נאָר, וואָס זײַט איר אים באפאלן ווי די היישעריקן,— האָט אפּ אלעמען א געשריי געטאָן שמועל-כאַים קאָט, א קליינ-ווקסיקער ייִד מיט א געל בערדל, — איך קאוויר אײַך, ס'וועט אלץ זײַן קעשורע. זעסטו, ברודער-לעבן, איך לעמאָשל האָב צו דיר גאָר א וואזשנע שאַלע, טאקע א גאָסודארסטווענע שאַלע: וואָס טוט מען מיטן ברויט? שלעפּן עס מיט זיך, איז ווער האָט עס קויעך און ווי וועט מען עס אָנעמען אזויפיל שיפן. עלע וואָס דען, איבערלאָזן עס דאָ... ס'הייסט, מע וועט אזא גוטס איבערלאָזן דאָ?! ס'הייסט, מיר וועלן איבערלאָזן דאָס ברויט פאר די קוילערס פון דער וועלט?! וואָס רעדט איר! איז וואָס טוט מען? גיב אן אייצע, ברודער-לעבן. יאָ, און ווי טוט מען אהין די טשערעדעס? קוילען?

— די טשערעדעס — עוואקויִרן. דאָס אָנגעזאמלטע ברויט ארויס-פירן אפּן עלעוואטאָר. און אויב מיר וועלן ניט באוויַזן ארויספירן דאָס ברויט פון עלעוואטאָר, דעמלט...

— דעמלט וועלן מיר מוזן אופרייַסן דעם עלעוואטאָר, — האָט אָנגעטאָט אים פארענדיקט מײַעראָוו.

— יאָ, אופרײַסן! פארניכטן! אלץ, וואָס קאָן מיטהעלפן דעם סוינע קעגן אונדז, מוזן מיר פארניכטן.

זײַן שטים האָט געקלונגען הארב און זיכער ווי א געזעץ.

דער קאבינעט איז מיט ריזמאנס אָנקום פארוואנדלט געוואָרן אין א שטאב. די טיר האָט זיך אפּ קיין רעגע ניט צוגעמאכט. יעדער איינער האָט געוואָלט הערן — וואָס זאָגט שלוימע ריזמאן.

אפּ דער קורצער זיצונג פונעם ראַיוסּפּירקאָם, וועלכע יויסעפּ מײַעראָוו האָט דרינגענדיק צונויפגערופן, האָט דער באפולמעכטיקטער פונעם רעפּובליקאנישן ראטספּאָלקאָם סאָלאָמאָן געדאליעוויטש ריזמאן אין געציילטע ווערטער, געפרעסט, דערציילט וועגן דער לאגע:

— דער סוינע דערנעענטערט זיך צו די טויערן פון פּערעקאָפּ. אונדזער ארמיי שטייען דאָ פאָר גרויסע און זייער שווערע שלאכטן. די, וואָס קענען טראָגן געווער, וועלן בלײַבן הי. מיר זײַנען איצט סאָלדאטן. דעם איבעריקן אוילעם מוזן מיר פונדאנען עוואקויִרן,

דער אײנציקער פרײַער װעג איז — אפ קערטש, אונ פונ דאָרט מיטנ יאַמ אפ קובאַנ. פארגעדענקט: אױסער פארשלאָגענע הײַזער אונ נאַקעטע פעלדער טאָר דאָ דער סױנע גאָרניט טרעפנ. דאָס, װאָס מיר װעלנ ניט באַװײַזנ אַרױסבפירנ, מוז פארניכטעט װערנ. דאָס איז דערװײַל אַלצ, װאָס איכ האָב אײַכ געהאַט צו זאָגנ, אונ דאָס דאַרפ װיסנ יעדער אײנער אפ די ייִשװוימ.

די זיצונג האָט זיכ געענדיקט אַרומ דרײַ אַזײגער באַנאַכט. אָנהײב פיר זײַנענ שױנ די מיטגלידער פונ ראַיױספּירקאָמ געװענ אינ װעג. אינ אײנעמ פונ די װײַטסטע דאָרפסאָװעטנ פונ ראַיאָנ איז אַרױסגעפאָרנ שלױמע ריזמאַנ. דאָרט האָבנ געװױנט זײַנע עלטערנ, דאָרט האָט געװױנט זי, רײזל מענוכינ.

דער רעגנ האָט נאָכ אַלצ געגאָסנ, צעשװענקט די װעגנ, װאָס האָבנ זיכ פונדאַנענ געצױגנ צו די פארװאָרפענע ייִשװוימ אונ דערפער. שטאָק פינצטער איז געװענ אינ אַרומ, ניט אונטערצושײדנ הימל פונ ערד. מיד אונ שלעפעריק איז שלױמע ריזמאַנ געזעסנ אינ זאָטל. שװער אונ לאַנגזאַמ האָט דאָס פערד געקנאָטנ דעמ קלעפיקנ סטעפ. א פריהאַרבסטיקער װינט האָט געשמיסנ אינ פּאָנעמ, זיכ פארקליבנ אונטערנ אױסגעװײקטנ שינעל אונ נאָכאַנאַנד געהאַלטנ אינ אײנ דערמאָנענ אימ, אַז ס'איז שױנ סאָפ זומער, אַז ס'רוקט זיכ אָנ דער האַרבסט.

די לעצטע יאָרנ האָט מענ אפ די פּאָנדנ באַגעגנט דעמ האַרבסט, װי דעמ ליבסטנ גאַסט. עס איז געװענ די בעסטע צײַט פונ יאָר. טרוקענע, זוניקע טעג. אפ די װעגנ רײכערט זיכ ניט דער שטױב. דער הימל — װונדער-בלױ, אונ די קלאָרע, דורכזיכטיקע לופט שמעקט מיט צײַטיקײַט פונ װײַנגערטנער אונ מיט צוגעטריקנטנ הײ. אינ װעלכנ ייִשעװ ער פלעגט דאַנ ניט אַרײַנפאָרנ, פלעגט אימ יעדער אײנער פארבעטנ צו זיכ. מע האָט אימ אומגעפירט פונ שטוב צו שטוב װײַזנ די שפּײַכלערס װײַצ, די פארשאָטענע קעלערס גרינס, די אָנגעגאָסענע פעסלעכ װײַנ. יאָמטעװ איז דעמלט געװענ אינ די ייִדישע ייִשװוימ. איצט ליגנ די זעלבע ייִשװוימ פארזונקענ אינ טיפנ טרױער, אונ אפ אימ, אפ שלױמענ, איז אַרױסגעפאַלנ דער גורל אַרײַנברענגענ אינ די הײַזער די גרױזאַמע בסורע:

— פארלאָזט אײַערע הײמענ...

עס האָט זיכ אימ געדאַכט, אַז דער גאַנצער אַרומ װײסט שױנ, נאָכ װאָס ער פאָרט. ער װײסט אונ שװײַגט.

ניט צו דערקענענ דעמ סטעפ! אַזאַ כױשעכ, אַזאַ אומעט!

ערשט גאָר ניט לאנג צוריק האָט ער דאָ שפּאצירט מיט רייזלען, און דער זעלבער וועג איז פול געווען מיט פּאָרלעך. יונגע באָכערים און מיידלעך האָבן נאָך דער ארבעט פארלאָזן די יִשוּווים און מע איז ארויס אין ברייטן סטעפּ פארברענגען דעם אָוונט. ס'האָט זיך דאָ גאָר אנדערש געאָטעמט, ס'האָט זיך דאָ גאָר אנדערש געזונגען. ער, שלוימע ריזמאן, האָט אפ זיין לעבן, דאכט זיך, קיינמאָל ניט גע-זונגען, נאָר אפן שפּאציר מיט רייזלען פלעגט ער פלוצעם אָנהייבן עפּעס א ניגן און דערביי אליין ניט באמערקן, אז ער זינגט.

— בא דיר איז זייער א הארציקע שטים, — האָט רייזל צו אים געזאָגט און זיך נעענטער צוגעטוליעט צו אים, — כ'האָב ליב הערן, ווי דו זינגסט. — און שלוימע האָט געזונגען.

ווי מיר ער פלעגט ניט זיין, נאָר אז רייזל איז געווען לעבן אים, האָט ער די מידקייט ניט געפילט. די גאנצע וועלט וואָלט ער מיט איר געקאָנט אויסגיין צופוס און ניט מיד ווערן. זעלטן-ווען האָט ער מיט איר גערעדט וועגן זיינע געפילן צו איר. צוליב וואָס ריידן, אז זי האָט אים פארשטאנען אָן ווערטער.

פון דער רעפּובליקאנישער הויפּט-שטאָט, וווּ שלוימע האָט גע-ארבעט, ביזן יִשוּב איז געווען ווייטלעך, נאָר פאר אים, פאר שלוימען, איז עס געווען ווי א שפּאציר, ווייל אפן יִשוּב האָט געוווינט רייזל מענוכין. ביז טיף אין דער נאכט, און אמאָל אפילע ביזן האָנען-קריי, פלעגט ער דאָ מיט איר ארומשפּאצירן, און ביידע האָבן זיי ליב געהאט זיך איינהערן, ווי ס'רוישן אין כטעפּ די טראקטאָרן און קאָמביינען. אפן זעלבן וועג, איבער וועלכן ער שלעפּט זיך אצינד, האָבן היין און צוריק געיאָגט אווטאָמאָבילן. דער שטענדיקער טוישעוו פון סטעפּ — א פריש און לינד ווינטל — האָט מיט זיך געבראכט צו טראָגן דעם אויסגעמישטן ארָאמאט פון די ווייגערטנער און סעדער און מונטערע מענטשלעכע קוילעס. דאָס אלץ איז געווען ערשט גאָר ניט לאנג. דאכט זיך, נעכטן איז עס געווען, און איצט...

ניט צו דערקענען דעם סטעפּ! אפן גאנצן וועג — קיין איינציק פייערל. קיין קאָל פון א מענטשן. אזא עלנט! א בענקשאפט ניט איבערצוטראָגן. דאָס פערד האָט צוביסלעכווייז גענומען צושטיין. די נאכט איז געוואָרן געדיכטער, פינצטערער, ווי ס'וואָלט דער שווארצער סטעפּ זיך דערנעענטערט צו דער הייך, נאָר שלוימע ווייסט פון וועג זיך ניט אראָפּשלאָגן. ער קאָן אים גוט, דעם סטעפּ. אוי, קאָן ער אים! מיט פארמאכטע אויגן וועט ער טרעפן צו די יִשוּווים,

ווי ער האָט אָפּגעלעבט העכער א העלפט פון זײַנע קנאַפּע זעקס און צוואַנציק יאָר.

ווען ער איז אָנגעקומען אַהער, האָט ער דעם קרימער סטעפּ געטראָפן א געדיכט פאַרוואַקסענעם מיט ווילדגראָז און קורײַ. יעדער זעמדעלע איז דאָ אָנגעזאַפּט מיט בלוטיקן שוויים. מע האָט אין א מידבר געבויט א היים, און באַם בויען די נײַע היים איז אויסגעקומען אַזויפיל איבערצוטראָגן. ווינטער, אין די פרעסט — אונטערן אָפענעם הימל. זומער—בײַ רויכיקע שײַטערס, און די לופט איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט מאָסקיטן. דאָס לײַב האָט מען אָפּ זיך צעריסן. ניט יעדער איינער איז געווען אימשטאַנד דאָס אַלץ אויסהאַלטן, און דאָך האָט מען עס אויסגעהאַלטן. צוועלף יאָר איז שלוימע דעמלט אַלט געווען. צו צוועלף יאָר האָט ער צוזאַמען מיט זײַן טאַטן, געדאַליע דעם באַלעגאָלע, צוזאַמען מיט די עלטערע ברידער און שוועסטער געקנאָטן ליים, געשלעפּט אָפּ זיך ציגל און קלעצער און געבויט א שטוב. א נײַע היים האָט מען פאַר זיך געבויט. די דײַטשישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געוווינט אין נאָענטער שכיינעס, האָבן פאַרווערט די אָנגעקומענע ייִדן שעפּן וואַסער פון זייערע ברונעמס, האָט מען געשלעפּט וואַסער אָפּ זיך פון די ווײַטע רוסישע דערפער. פאַר דעם צוועלפיאָריקן שלוימען איז דעמלט גאָרניט געווען צו שווער, ס'האָט אים גאָרניט געשראָקן. די איבערוואַנדערער האָבן אים נאָך דעמלט אויסגעטיילט צווישן אַלע איבעריקע ייִנגלעך פון זײַן עלטער.

אין פיל יאָרן אַרום, ווען די פויערים האָבן שלוימע ריזמאַנען אויסגעוויילט פאַרן פאָרזיצער פונעם קאָלווירט, איז שוין דאָ געווען א גרויסער און ווילײַנגעאָרדנטער ייִשעוו. נאָר פאַר אים, שלוימען, איז עס געווען קאַרג. ער האָט צוגעבויט נײַע הײַזער, נײַע שטאַלן, האָט אויפגעבויט אַן עלעקטראָסטאַנציע, דורכגעפירט וואַסערלייטונג צו די הײַזער. שלוימע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַרפלאַנצט א פרוכטסעדל. נאָך אים האָבן אַלע פויערים גענומען פלאַנצן.

— ס'איז דאָך אונדזער היים, — האָט ער אײַנגעטײַנעט מיט די אײַנוווינער, — א שטענדיקע היים, ווי מײַן טאַטע זאָגט: פאַר אונדזערע קינדער און קינדסקינדער, זיי זאָלן זיך מערן און פרוכפּערן.

אַז ער איז שוין געווען פאָרזיצער פון קאָלווירט, האָט מען אים אין צײַט פון שניט זייער אָפט געקענט טרעפן זיצן אָפּ א „לאָבאָגרייקע" אָדער באַם אויפלייגן די סקירדעס ווייץ. ס'האָט

אים געצויגן אין סטעפּ. ער האָט האַנאָע געהאַט פון אַרבעט. פון זינט מע קאָן אים, האָט נאָך קיינער פון אים ניט געהערט קיין שלעכט וואָרט. שטענדיק אַ צוגעלאָזענער, אַ האַרציקער און אין דער זעלבער צײַט דאָך אַ שטרענגער.

— איך וועל ניט דערלאָזן, — האָט ער געזאָגט צו די, וואָס פּלעגן זיך אַמאָל אונטערפּוילן, — אַז מע זאָל וואַרפן אַ פלעק אַף אונדזער דאָרף. איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס אַ ייִדישער פּויער? דאָס איז אײַך, ווי איר פאַרשטייט אַליין, ניט קיין הענדלער, ניט קיין קאַצעוו, ניט קיין ליוועראַנט. מיר, ייִדישע פּויערים, דאַרפן שטענדיק געדענקען, אַז נאָך אונדזער אַרבעט שאַצט מען, צי קאָנען מיר זײַן פּויערים, צי האָבן מיר ליב די ערד. און איר האָט גע-מיינט, אַז די איבערוואַנדערונג איז גלאַט אַזוי זיך, גאָר צוליב פּאַרנאָסע וועגן. ווילסטו — אַרבעטסטו, ווילסטו ניט — איז ניט.

וואָס האָט מען אים דערופֿ געקאָנט דערווידערן?

אַ קורצע צײַט פאַר דער מילכאָמע האָט מען אים אָפּגערופן אַף פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט אין רעפּובליקאַנישן ראַטפּאָלקאָם. דאָרט איז ער געבליבן דער זעלבער האַרציקער און צוגעלאָזענער כאַווער שלוימע. די מיר פון זײַן קאַבינעט איז פאַר יעדן איינעם געווען אָפן. מע איז צו אים געפאָרן זיך האַלטן אַן אייצע, עפּעס פּויעלן, און ער, ווי שטאַרק ער איז ניט געווען פאַרנומען, דאָך פלעגט ער אויסגעפינען צײַט זיך אַראָפּצוכאַפּן אין ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן און שטענדיק פלעגט ער פאַרפאָרן צו זיך אין ייִשעוו. דאָרט האָט אַף אים געוואַרט ריזל.

אין יעדן ייִשעוו איז ער געווען אַ געהויבענער גאַסט. דער סטעפּ איז געווען זײַן היים. און הײַנט איז אַף אים אויסגעפאַלן דער גורל פאַנאַנדערטראָגן איבער די הײַזער די גרויזאַמע בסורע:

„פאַרלאָזט די היים, וואָס איר האָט געבויט. פאַרלאָזט די פעלדער, וואָס איר האָט פאַרגאָסן מיט אײַער בלוטיקן שווייס! אין וועג אַרײַן!..״

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן שאַרײַען אַף טאָג, ווען ער איז אַרײַנ-געריטן אין ייִשעוו, וואָס ער האָט געבויט. אַ מידער, אַף דורך און דורך אויסגענעצטע פונעם רעגן, איז ער אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען אונטערן פענצטער פון זײַן טאַטנס הויז, ביז וואַנען ער האָט באַשלאָסן אָנקלאַפּן.

די שטוביקע זײַנען געווען אויף. מע איז געלעגן אינעם אָנטאָן און זיך צוגעהערט צום מינדסטן רויש אַף יענער זײַט פענצטער.

— ווי איך פאַרשטיי, שלוימע, — האָט גערדאַליע ריזמאַן זיך אָנגערופן צום זון, — ביסטו אהער געקומען ניט צוגאַסט. ווי האַלטן מיר אין דער וועלט, שלוימע?

— טאַטע, — האָט שלוימע אים איבערגעשלאָגן, — איך בין איצט שרעקלעך מיד. שוין דער פערטער מעסלעס, ווי איך האָב ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג.

— אָבער...

— ס'איז מילכאָמע, טאַטע, און דאָס איבעריקע פאַרשטייסטו דאָך אַליין.

## 2

מע האָט געדאַרפט האָבן אַן אײַזערנעם געדולד פון איטלעכן באַזונדער אויסהערן איינס און דאָס זעלבע און איטלעכן באַזונדער ענטפערן איינס און דאָס זעלבע.

— סאַראַ מאָדנע מענטשן איר זײַט. איר מיינט טאַקע, אַז איך ווייס עפּעס? פונוואַנען קאָן איך וויסן?

קעדיי לאָזן דעם זון זיך אויסרוען פון וועג, איז גערדאַליע דעם גאַנצן פרימאָרגן אָפּגעשטאַנען אַף דער גאַס און קיינעם ניט געלאָזט אַרײַנגיין אין שטוב.

— אַדעראַבע, זאָגט אַליין, — האָט ער זיך אויסגעטײַנעט מיטן אוילעם, — געקומען איז ער פרי-באַגינען, אַ מידער, קוים וואָס ער איז אַרײַנגעפאַלן אין שטוב. פיר נעכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. איז ווען האָב איך געקענט מיט אים שמועסן. נו, אַדעראַבע, זאָגט אַליין?

— אָבער עפּעס האָט ער אײַך דאָך יאָ געזאָגט.

— ווידעראַמאָל דאָס זעלבע. נו, און אַז ער האָט מיר געזאָגט: „ס'איז מילכאָמע און דאָס איבעריקע פאַרשטייסטו דאָך אַליין“, נו, איז וואָס קען מען דערפון דרינגען? אַפּאָנעם, אַז דערווײַל איז ניט גוט. זייער ניט גוט.

— אָט אַזוי-אָ רעדט! ער האָט שוין מיסטאָמע געבראַכט די גוטע בסורע! יאָ, רעב גערדאַליע?!

פונעם טומל אַפן גאַס האָט שלוימע זיך אופגעכאַפּט. אין צימער האָט ער געטראָפן זיצן רייזלען, דעם פאָרזיצער פון דאָרפ-סאָוועט. אויסער איר איז אין צימער קיינער ניט געווען.

— זע, ווי דו ביסט כוישעך, שלוימע, — זי האָט אוועקגעלייגט אַף זײַן שטערן איר לײַכטע, קילע האַנט.

— וואָס טומלט זיך עס אזוי אין יִשעוו, רייזל? — האָט ער בא איר געפרעגט, — ס׳האָט עפּעס געטראָפן?

— וואָס נאָך זאָל טרעפן? גענוג, אז מע איז געוווירע געוואָרן, אז דו האָסט געבראכט די גוטע נײַעס. קינד-און-קייט האָבן זיך צו-נויפגעקליבן אונטערן פענצטער.

זי האָט זיך נאָענט איבערגעבויגן איבער אים און ארײַנגעקוקט אין זײַנע טיפע קארע אויגן.

— שלוימע, צי דען איז ניטאָ קיין אנדער אויסוועג?

פון איר האָט ער קיינמאָל קיין זאך ניט געלייקנט, ביפראט איצט.

— ניטאָ!

— און ווען הייבט זיך אָן די עוואקואציע?

— זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן!

— שוין?!

שלוימע האָט זיך אופגעזעצט און, ווי ער וואָלט אין דער רעגע געזען פאר זיך בלויז א פאָרזיצער פון א דאָרף-סאָוועט, האָט ער הארב און באפוילעריש צו איר געזאָגט:

— גיב איבער די פאָרזיצערס פון די קאָלווירטן, זיי זאָלן אין ערגעץ ניט אָפּלאָזן די פערד. זאָל מען באלד נעמען גרייטן די וועגענער און מאָזשארעס. ס׳איז טײַער יעדער שאָ. מיר זײַנען אָפּגע-שניטן פון דער יאבאָשע, רייזל.

אין דעם, ווי ער האָט ארויסגעבראכט איר נאָמען, האָט זי דער-פילט צארטקייט, וואָס רירט אָן יעדער אייווער פון לײַב.

— רייזל.

זי איז צוגעפאלן צו זײַן ברוסט. שלוימע האָט מיט די ליפן געצערטלט אירע האָר און געשוויגן. נאָכדעם האָט ער פאָרזיכטיק אופ-געהויבן איר קאָפּ און שטיל געזאָגט:

— מער זאָל איך אין דײַנע אויגן קיין טרערן ניט זען. כ׳פאר-שטיי, אז ס׳וויינט זיך אליין. מיינסט, אז מיר איז גרינגר... נאָר אין אזא צײַט מוז מען זיך שטארקן. אונדז, רייזל, שטייט איצט פאָר זייער א סאך ארבעט. נאָך הײַנט מוזסטו ארויספאָרן אין די יִשוווים פון דײַן דאָרף-סאָוועט. איך וועל אויך צופאָרן מיט דיר.

שטייענדיק שוין בא דער טיר, האָט רייזל זיך אָנגערופן צו אים:

— הײַנט באגינען זײַנען צו מיר געקומען עטלעכע עלטערע

ייִדן און מיך געבעטן דיר איבערגעבן, אַז זיי בלײַבן הי. זיי וועלן זיך פֿונדאַנען אין ערגעץ ניט רירן. זיי האָבן זיך פֿאַרשריבן אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד און דאָס, זאָגן זיי, איז געגליכן צו אַ בראָ-כע. אויסער דער וואָיענער וולאסט האָט אַף זיי קיינער קיין שליטע ניט.

— באַ וועמען האָבן זיי זיך עס פֿאַרשריבן און ווער פֿאַר-שרײַבט עס?

— דאָס זעלבע האָב איך אויך געפֿרעגט, שווײַגן זיי. נאָר אַלפּי סאָד האָט שיִע ליבמאַן מיר פֿאַרטרויט, אַז ניט זיי האָבן זיך פֿאַר-שריבן, נאָר זיי קלײַבן זיך ערשט פֿאַרשרײַבן. געהערט האָבן זיי, אַז מיט די פּאַרטיזאַנער וועט אָנפֿירן יויסעף מײַעראָוו. נו, איז ווילן זיי צו אים אין אָטריאַד. „ביזן קאָלכאָז, — אַזוי האָט שיִע מיר גע-זאָגט, — בין איך געווען אַ קאַצעוו. קאַצאָווים זײַנען ניט פֿון די, וועלכע לייגן זיך ווי שעפּעלעך אונטערן כאַלעף. וועט מען אונדז ניט געבן קיין ביקסן, וועלן מיר אָנשאַרפֿן אונדזערע קאַצאָווישע העק און מעסער און מירן קאַצעווען דעם דײַטש!“

— גוט געזאָגט!

— נו, און דער, שמועל-כאַיִם קאַט, דער וויל ביכלאַל פֿון גאָרנישט ניט וויסן: גיב אים אַ ביקס און שוין. וואָס האָב איך זיי געזאָלט דערויף ענטפֿערן?

— אויב עמעסע פּאַרטיזאַנער, וועלן זיי זיך שוין אַליין אַן אייצע געבן. ווער עס קאָן טראָגן געווער און וויל בלײַבן הי, איז זאָל ער בלײַבן.

— דו ווייסט, שלוימע, — האָט זי זיך ווידער אָנגערופֿן צו אים, — אַף די ייִשוווים זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וואָס גלייבן ניט, אַז דער דײַטש איז אַזאַ קוילער. ס'אַ ליגן, זאָגן זיי, זיי קענען דעם דײַטש פֿון יענער מילכאָמע.

— כ'ווייס וועגן דעם. אין שטאָט זײַנען אויך פֿאַראַן אַזעלכע. איבערשפּאַרן זיי וועט זײַן זייער שווער, נאָר מיר וועלן פּרווון. כ'וועל זיך אַליין דורכריידן מיט זיי. די, וואָס האָבן אַ סאַך קינ-דער, וועלן מיר זיי צווינגען, זיי זאָלן זיך עוואַקויִרן. קיינער וועט אונדז דערפֿאַר ניט מישפּעטן.

שלוימע האָט זיך האַסטיק אָנגעטאָן, האָט זיך אָפּגעפּרישט מיט קאַלט וואַסער און איז אַרויס פֿון שטוב. ווי נאָר דער פֿאַרזאַמלטער אוילעם האָט אים דערזען, איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מע האָט אַפֿילו געהערט ווי ס'פֿאַלן די האַרבסטיקע בלעטער אין די סעדלעך.

— ייִדן! צו וואָס האָט איר זיך אהער פאַרזאַמלט? — האָט שלוי־מע ווי ווײַט מעגלעך זיך באַמיט ריידן רויִק.

— די צאָרעס האָבן אונדז געבראַכט אהער, — האָט אויסגעשריִען אַ ייִדענע, — מע זאָגט, דו האָסט געבראַכט די גוטע בסורע, ווײ איז מיר!

— וווּהין וועלן מיר זיך לאָזן מיט פּיצלעך קינדער? ס׳גייט צו ווינטער.

— אַזאַ אומגליק, אַזאַ פֿינצטערער אומגליק אויף אונדזערע קעפּ! אַזאַ בראָך!

עטלעכע פּרויען האָבן זיך צעיאָמערט אויפֿן קול, געפּאַלן כאַלאָ־שעס. עלטערע ייִדן האָבן געשטיקט אין זיך דאָס געוויין און ניט געקאָנט דערשטיקן. שלוימע האָט געפֿילט, ווי עס שטיקט אים אַליין אין האַלדז, עס שווינדלט פֿאַר די אויגן...

— ריבוינע-שעל-אוילעם, — האָט אַן אַלטער ייִד פֿאַריסן די הענט אין דער הייך, — פֿאַר וועלכע זינד קומט אונדז דער דריטער גאָלעס?!

— וואָס פֿאַר אַ גאָלעס? ניט אין גאָלעס גייען מיר, — האָט שלוימע ריזמאַן איבערגעשריִען דאָס געיאָמער, — ניט אין גאָלעס! אין ייִדער שטוב, וווּהין מיר וועלן אַרײַנקומען, וועלן מיר טרעפֿן אַ היים! ייִדער מענטש, וואָס מיר וועלן באַגעגענען אין וועג, וועט אונדז אויפֿנעמען, ווי אַ ברודער. די מלוכע האָט מיך אהער גע־שיקט, איך זאָל אײַך אַרויספֿירן פֿון אונטערן כאַלעפּ. ס׳וועט אײַך זײַן שווער, נאָר די מלוכע אונדזערע וועט אײַך ניט פֿאַרלאָזן.

ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און פֿאַרענדיקט מיט אַ רויִק און מונטער קאָל:

— גלייבט מיר, אַז אינגיכן וועלן מיר זיך מיט אײַך צו־ריק באַגעגענען אויף אונדזער סטעפּ, בײַ זיך אין דער היים...

ריזמאַן איז אַרײַן אין דאָרף-סאָוועט, נאָר דער אוילעם איז זיך אַלץ ניט פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. מע איז געשטאַנען אונטער די פֿענצטער און געכאַפּט איטלעכס וואָרט, ווי מע וואָלט געוועז זיכער, אַז שלוי־מע באַהאַלט פּאָרט פֿון זיי עפּעס אויס.

אין סאַמע געדיכטעניש פֿונעם האַמוין איז מיט אַן אויסזען פֿון אַ מענטשן, וואָס פֿאַר אים זײַנען ניטאָ קיין סוידעס, געשטאַנען דער קלייניוווקסיקער שמועל-כאַיִם קאָט און געניִוי דערציילט, וואָס פֿאַרא פּראַגן ווערן באַהאַנדלט אויף דער זיצונג פֿון דאָרף-סאָוועט.

— רעב שמועל-כאַיִם, — האָט מען בײַ אים געפֿרעגט, — פֿונוואַ־נען ווייסט איר עס? איר זײַט דען דאָרט געוועזן?

פאר דער באמערקונג איז שמועל־כאַים אפילע געוואָרן באַרויגעז.

— איכ זאָל ניט וויסנ, וואָלט איכ ניט גערעדט. איז אווו האלטנ מיר? יאָ. די גאָסודארסטוועהאָט אים אהער געשיקט ארויספעקלענ אלע „ניעבאָיעספּאָסאָבנע” מענטשנ אונ דעמ איבעריקנ אוילעמ מאכנ פאר פארטיזאנער. נאָר איר ווער זענ — גראָד וועגנ דעמ, וועגנ די פארטיזאנסקע אָטריאדנ, וועט ער איצט ניט ריידנ. ס'א וואָיענע טײַנע, איז וועגנ וואָס ריידנ זײ יאָ? ווי איכ פארשטײ, שטעלט מענ דאָרט איצט צונויפ ספּיסקעס פונ אלטע לײַט, פונ קראנקע, פונ קינדער, קימפּעטאָרנס. פאר וועמענ, אשטייגער, מײנט איר, רעמאָנטירט מענ עס די וועגענער? פאר דיר, פאר מיר?

— רעב שמועל־כאַימ, — האָבנ עטלעכע מיטאמאָל בא אים א פרעג געטאָנ, — וויבאלד איר זײַט אינ אלצ אזוי באָקי, איז עפּשער קענט איר אונדז זאָגנ, וווהינ אנ ערעכ וועט מענ אונדז פונדאנענ עוואקוירנ? אונ ווי האלט איר — ווו איז בעסער — אפ קאווקאז צי אינ דער ווײַטער סיביר?

— שײַעכ בעסער. גוט ווי דאָ, וועט אונדז שוינ אינ ערגעצ ניט זײַנ. נאָר וואָס קאָנ מענ העלפנ? א גזיירע.

— אָבער פונדעסטוועגנ, ווי אײצעט איר? לעמאָשל, וווהינ רעכנט איר זיכ עוואקוירנ?

— איכ? איר ווייסט דענ ניט, אז איכ בלײַב א היגער? איכ בינ שוינ טאקע אריבער די כאמישימ, נאָר איכ פיל זיכ נאָכ גאנצ באָיעספּאָסאָבנע. ס'הייסט, איכ וועל אווקפאָרנ? וואָס אנ ערעכ וועט אָגנ די וועלט, אויב אזא ווי איכ וועל ניט שלאָגנ דעמ דײַטש. ער ייִד, וואָס פילט זיכ, אז ער קאָנ זיכ נאָכ שלאָגנ אונ וויל, ז עמעצער אנדערש זאָל דאָס פאר אים טאָנ, דער איז בא מיר יכלאל קיינ ייִד ניט. פרעגט שלוימענ, וועט איר הערנ. ער זאָגט ויכ דאָס זעלבע. איי, איכ בינ ניט פונ די גאָר גרויסע גיבערס, ערפאר בינ איכ דאָכ א שטיקל קוואָרעסמאנ. נײַנציק אײלנ אינ ר'ערד וועל איכ זײ באגראָבנ, די האָמענס, — אונ ווי באמ לייע־ענ די מעגילע, האָט שמועל־כאַימ קאָט דערבײַ צוגעטאָפּעט מיטנ פוס, — נײַנציק אײלנ אינ דר'ערד וועל איכ זײ באגראָבנ, די דײַטשנ. איכ בינ דאָכ עפּעס א קאברענ בענ קאברענ.

בא די ווערטער איז דיזמאנ ארויס פונ דאָרפ־סאָוועט. נאָכ אים רייזע מענוכינ. קיינער האָט בא זײ גאָרניט געפרעגט. מע האָט פארשטאנענ אָנ ווערטער. אפאָנעמ שמועל־כאַימ קאָט איז גערעכט.

צו האלבנ טאָג איז שוינ דאָס דאָרפ געווענ ניט צו דער־קענענ. די גרויסע טשערעדע איז געשטאנענ צונויפגעטריבנ אינ גרויסנ

קאָלווירטישן הויף. מיט פּײַכטע אומעטיקע אויגן האָבן די בעהיימעס געקוקט צו די זאַפּטיקע לאָנקעס פּאַשע, פון וועלכע מע האָט זיי פּלוצעם אָפּגעריסן. ארום די וועגענער און מאָזשאַרעס, וואָס זײַנען געשטאַנען מיט די דישלען אַרויף, האָבן זיך געפּאָרעט די שטעלמאַ-כערס, געשמירט די רעדער מיט דזעגעכץ, פאַריכט די אַקסן, צו-נויפגעקלאַפּט בוידן. די רימערס האָבן צורעכט געמאַכט דעם געשפּאַן. קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אָפּ די הינער און גענדז, וואָס האָבן זיך עלנט אומגעדרייט איבער דער גאַס. בא די שטיבער האָבן זיך געטומלט די פרויען. מע האָט געטריקנט קרײַצעס ברויט אָפּ דער זון, איבערגעקליבן דאָס ביסל האָב-און-גוטס, זיך מעיאשעוו געווען מיט די שכיינים, וואָס זאָל מען מיטנעמען און וואָס זאָל מען אי-בערלאָזן דאָ. בא פאַרמאַכטע טירן און פענצטער האָבן מאַן-און-ווײַב זיך געהאַלטן אַן אייצע, עפּשער באַגראָבן אין קעלער צי אַרײַנטאָן אין וואַנט דאָס פאַרבליבענע גוטס. איבערן וועג האָבן א גאַנצן טאָג זיך געשלעפּט צום ווײַטן עלעוואַטאָר אָנגעשאָטענע פורן מיט טוווע. יעדער איינער האָט צעעפנט זײַנע שפּײַכלערס — נעם און פיר.

אין מעשעך פון א פּאָר טעג זײַנען שלוימע ריזמאַן און דרייזע מענוכין אומגעפאָרן איבער די ייִשווים פון דאָרפ-סאָוועט און אַר-מעטום האָבן זיי באַגעגנט די זעלבע פאַרכוישעכטע פּענעמער, דעם זעלבן טרויער. דער אָטעם פון דער מילכאָמע האָט זיך געפילט אין יעדן רויש פון צווײַג, אין יעדן שאָרך פון גראָז.

אין איינעם א ווײַטלעכן ייִשעוו האָבן זיי באַם קאָלווירטישן קלוב געטראָפן א פאַרזאַמלטן אוילעם. דער זאַל איז שוין קימאַט אינגאַנצן געווען פאַרפולט מיט אָנגעטראָגענע מענערשע און פרויִשע וועלאָ-סיפּעדן, מיט פּאַטעפאָנען, טאַצן, לײַכטער און מיט נאָך פיל אַנדערע ווערטפולע כפייצים. באַם טיש זײַנען געזעסן עטלעכע ייִדן און ווײַבער און פאַרשריבן, וואָס יעדער איינער טראָגט אַרײַן.

צום טיש איז צוגעגאַנגען א הויכע מיטליאָריקע פרוי און אַרויס-גענומען פון א קלאָר ווײַס נאָזטיכל א פּאָר גאָלדענע אויערינגלעך און א שווערן כופּע-רינג.

— דרײַ זין, זאָלן געזונט זײַן, האָב איך אַפּן פראָנט, — זיי זײַנען איצט מײַן צירונג. זיי דאַרפן איצטער טאַנקען.

א בלאָנד מיידל האָט אויסגעטאָן פון האַלדז א בײַטשל פּערל.

— זאָל מען עס אויסבײַטן אָפּ א ביקס.

— אונדזערע אָוועס האָבן געטראָגן דאָס גאָלד און זילבער באַם בויען דעם ביים-האַמיקדעש, און מיר טראָגן עס...

ריזמאַן האָט זיך אומגעקוקט צום גריַיז-גראָען זאָקן, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָפּ אַ שטעקן, און זיַינע לויטערע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ וויַיט-וויַיט.

— דאָס לעצטע העמד אויסטאָן פון זיך, — האָט דער זאָקן וויַיטער געריידט, — דאָס לעצטע קינד אָפּגעבן אין כאַיִל, נאָר וואָס גיכער פאַרטיליקן די כּיִע-רעָה.

— מיר וועלן זי פאַרטיליקן, זיידע, — האָט שלוימע הויך אָפּ אַ קאָל צו אים געזאָגט, — מיר מוזן זי פאַרטיליקן.

רייזע מענוכינ האָט זיך אומגעקערט צוריק אין דאָרף-סאָוועט. שלוימע ריזמאַן האָט זיך פאַרהאַלטן. מע האָט זיך דאָ געגייטיקט אין זיַין מונטער וואָרט, אין זיַין אייצע, אין זיַין אָנווייַזונג. אָפּ מאָרגן איז ער אַרויסגעפאָרן אין אַ צווייטן ייִשעוו. אַזוי איז ער אַרומגעפאָרן פון ייִשעוו צו ייִשעוו, און ווי נאָר ער פלעגט זיך באַוויַיזן, איז עפּעס אַלעמען גרינגער געוואָרן אָפּן האַרצן, ליַיכטער אָפּן געמיט.

צוריק אין ייִשעוו, ווו עס האָבן געוווינט זיַינע עלטערן, אין ייִשעוו, ווו עס איז אַדורך זיַין יוגנט, האָט שלוימע ריזמאַן זיך אומגעקערט אין עטלעכע טעג אַרום.

ס'איז געווען אַ לויטערער און אויסגעשטערנטער אָפּדערנאַכט. פון הינטער די וויַינגערטנער איז אופגעגאַנגען די לעוואָנע און באַלויכטן די לאַנגע צעצויגענע גאַס, די קלאָר-וויַיסע אויסגעקאַלכטע היַיזער. מאָדנע שטיל איז געווען אין ייִשעוו. ער איז דורכגעגאַנגען קימאַט די גאַנצע גאַס און קיינעם ניט באַגעגנט. מיטאַמאָל האָט ער פון אַ זיַיטיקער שטוב דערהערט פאַרשטיקטע, וויינענדיקע קולעס.

— מן המיצר קראתי יה...

שלוימע איז שטיל צוגעגאַנגען צום פענצטער, פונוואַנען עס האָט זיך געטראָגן דאָס אומעטיקע געזאַנג, און געבליבן דערשטוינט. באַם שיַין פון דער אופגעגאַנגענער לעוואָנע האָט ער דערזען עטלעכע עלטערע ייִדן. זיי זיַינען ווי טישעבאָוו געזעסן אָפּן דיל, געוויינט און געזונגען:

— אפפוני חבלי-מות, ומצרי שאול מצאוני...

שלוימע האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צום סטעפּ און צוגעמאַכט די אויגן. אַ לאַנגע ציַיט איז ער אַזוי אָפּגעשטאַנען אומבאַוועגלעך און ניט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. ס'האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

— מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן די טרערן פון די אַלטע ליַיט. מיט בלוט וועט אונדז דער דיַיטש דערפאַר באַצאָלן. — האָט

שלוימע א דערצאָרנטער זיך געזאָגט, און זײַנע שווערע הענט האָבן זיך צונויפגעלייגט אין פויסטן.

אפֿן וועג, אהיים, האָט ער באגעגנט א מיידעלע.

— קענסט מיר עפּשער זאָגן, — האָט ער זיך צו איר געווענדט, — ווו זײַנען עס אלע מענטשן? ווו זײַנען דײַנע טאטע-מאמע?

— אפֿן בעסאלמען.

— אפֿן בעסאלמען? ווארט א ווײַלע.

ער האָט זיך געגומען דערמאָנען, וואָס פאר א טאָג איז הײַנט. אפֿ וויפֿל ער געדענקט, איז, דאכט זיך, הײַנט א גאנצ געוויינלעכער, וואָכעדיקער טאָג. און עפּשער איז הײַנט עמעצנס א לעווײַע?

— קענסט מיר עפּשער זאָגן, — האָט ער זי ווײַטער פאנאנדער-געפרעגט ווי א דערוואקסענע, — ווער איז דאָ געשטאָרבן?

— קיינער איז ניט געשטאָרבן. מע איז געגאנגענע זיך געזעגע-נען מיט די טויטע. מאָרגן אינדערפרי לאָזן מיר זיך דאָך אין וועג ארײַן.

— מאָרגן? ווער האָט עס געזאָגט?

— אלע זאָגן עס. בא אונדז איז שוין אלצ פארפאקעוועט.

שלוימע האָט זיך נאָך לאנג אומגעדרייט איבער די פּוסטע גאסן פונעם יישעוו און דערבײַ אלײן ניט באמערקט, ווי ער האָט פאר-קערעוועט אפֿן וועג, וואָס פירט צום בעסאלמען. ניט דערגייענדיק א שטיק וועג, איז ער געבליבן שטיין. ס'האָבן אים מיטאמאָל אופֿ-געהערט דינען די פיס. שרעקלעכ איז געוועגן שטיין אפֿ די ווײַס געוואָרענע בוימוואָל-פעלדער און הערן דאָס געיאָמער, וואָס האָט זיך אהער דערטראָגן. ער האָט געוואָלט ארופגיין אפֿן בעסוילעם אָפּ-שטעלן די יעלאָלעס: „ייִדן, ניט איצט איז די צײַט פאר טאנייסים און טפילעס!" נאָר ווו נעמט מען קויעכ אפֿ גויווער צו זײַן אין זיך דאָס געוויין. ס'האָבן אין אים געוויינט אלע איוורים...

3

די לעצטע טעג האָט אפֿ די יישווים זיך שטארק געטומלט. באלד צוויי וואָכן, אז אלע, וואָס האָבן באשטימט צו פאָרן, זיצן אפֿ די קלומקעס, מע לייגט זיך שלאָפֿן אינעם אָנטאָן, און וויפֿל קאָן דאָס אזוי געדויערן?! עס דארף דאָך אמאָל נעמען א סאָפ.

— מימאָנעפּשעכ. האָט מען באשלאָסן אונדז עוואקויִרן, איז פארוואָס זאָל מען עס אָפּציִען. אפֿ וואָס ווארט מען? דאכט זיך, אז שלוימע אלײן האָט אײַנגעלייגט וועלטן, געיאָגט די נעשאָמע, געשריִען, אז ס'איז טײַער יעדער שאָ. צום סאָפ נעמט ער מיט זיך

מיט זײַנע דײזלען, פֿאָרט מיט איר אװעק אין שטאָט און לאָזט אונדז דאָ איבער װי אַפּן װאַסער.

— פֿונװאַנען װייסט איר, נאָך װאָס זײ זײַנען געפֿאָרן אין שטאָט? — האָט געדאַליע ריזמאַן זיך אַרײַנגעמישט אין די רייד. — עפּשער װעלן זײ גאָר פֿון דאָרט ברענגען אַ ישועה, אַז מע זאָל זיך פֿאַנאַנדערפּאַקעװען.

— אַזוי, ריבונו-של-עולם, האַלעװײַ.

— איז װיבאַלד אַז מע װייסט ניט, דאַרף מען ניט פּלאַפּלען, — האָט שוין זיכערער געװאָגט געדאַליע.

און װיבאַלד שלומעס טאַטע רעדט אַזעלכע רייד, איז מיסטאָמע װייסט ער, און דער אוילעם האָט צוביסלעכװײַז זיך גענומען באַרויִקן. ניט אויף לאַנג. אויף אַ שאָ, אויף צװײ, און װידער דאָס זעלבע.

— אָבער אין אַזאַ צײַט װי לאָזט מען עס אונדז איבער אַליין. אַ טאַכלעס אַזוי צו זיצן?

ס'איז געװען די רעכטע צײַט פֿון האַרבסט-פּאַרזײ, פֿון איבערגראָבן די גערטנער, פֿון צונױפֿקלײַבן די װײַנטרויבן, און קימאַט אַלע האָבן זיך אומגעדרייט פּוסט-און-פּאַס אָדער געזעסן אין די הײַזער. די װײַבער האָבן אויף אַ טראָט ניט אָפּגעלאָזן פֿון זיך ניט די קינדער, ניט די מענער. די פּאַסטעכער האָבן שוין מער ניט געטריבן די טשערעדע אין פֿעלד, און װי נאָר ס'פֿלעגט װערן אָװנט, זײַנען פֿאַרזונקען געװאָרן די ישובֿים אין כּישעף און שטילקייט. האָט מען דערזען אַ שטערן אין הימל, איז אײַנגעפֿאַלן די נשמה. װער קאָן איצט אָפּטײלן אַ שטערן פֿון אַן אַעראָפּלאַן. באַטאָג איז דאָך געװען לײַכטער. מע האָט זיך כאָטש געקענט אויסװײנען אויף אַ קאָפּ. פֿאַרלאָזן איז געשטאַנען דער סטעפּ. דאָס האַרץ האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט פֿון צאָרן, װי עס פֿוילן די װײַנטרויבן אויף די צװײַגלעך, װי עס גיסט זיך דער זאַפּט פֿון די צעשפּאָלטענע קאַװענעס און דיניעס אויף די באַשטאַנעס. ס'האָבן געפֿוילט די קאַרטאָפֿליעס אונטער די געלע בלעטער, און באַ קײנעם האָבן זיך ניט געהויבן די הענט אויפֿצוקלײַבן די אויסצרעס. צוליב װאָס? פֿאַר װעמען? אַז מע װייסט ניט, װוהין זאָל מען אַהינטאָן די פֿאַרשאָטענע שפּײַכלערס און קעלערס. אַזאַ גערעטעניש קיין אײַנהאָרע איז שוין דאָ לאַנג, לאַנג ניט געװען. װיאַזוי לאָזט מען איבער אויף הפֿקר אַזאַ עשירעס?..

אין אײנעם פֿון אָט די פֿריהאַרבסטיקע טעג האָט עמעצער אַראָפּגעבראַכט אַ ידיעה, אַז פֿון אַלע שטעט און ראַיאָנען האָט מען זיך שוין עװאַקוירט און אַז אויף שלומע ריזמאַנען און יוסעפֿ מײַערזאָן

איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן. מענטשן האָבן אַליין געזען, ווי דער פּאַרזיצער פון ראַיסאָוועט יוסעף מײַעראָוו האָט אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן די גאַנצע מישפּאָכע זײַנע און אַז אינעם זעלבן וואַגאָן האָט שלוימע אַרײַנגעזעצט זײַן קאַלע, צי שוין ס׳ווײַב, דייזל מענוכין, און זיי אַליין בּימכילע זײַנען אַנטלאָפן אַף אַ לײַכטער מאַשין. דערבײַ האָט מען נאָך צוגעגעבן, אַז אַ ווערסט זעכציק, זיבעציק פון דאַנען האָט זיך אַרויסגעזעצט אַ גרויסער דײַטשישער דעסאַנט און אַז ניט מאָרגן, איז איבערמאָרגן קאָן מען זיך ריכטן אַף געסט.

מיט דער שנעלקײַט פון אַ בליץ איז זיך די ידיִע צעפלויגן פון יִשעוו צו יִשעוו, און אין אַלע יִשוווים פון ראַיאָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ בעהאָלע מיט אַ געשריי — הימל עפן זיך.

מער ווי אומעטום האָט זיך געטומלט אין יִשעוו, ווו ס׳האָט געוווינט שלוימעס טאַטע. שוואַרץ פון מענטשן איז געווען דאָס דאָרף. קימאַט פון אַלע יִשוווים איז מען זיך אַהער צונויפגעלאָפן און באַלאַגערט גדאַליעס שטוב.

— זאָגט מיר נאָר, כ׳בעט אײַך, — האָט גדאַליע געפּרוווט מיט גוטן, — איר האָט טאַקע אַליין געזען, ווי מײַן שלוימע איז אַנטלאָפן אַף אַ מאַשין?

— טוט נאָר אַ קוק אַפן נעבעכל, — האָט מען פון אַלע זײַטן צו אים געשריִען, — אַ ביטערער ראַכמאָנעס, נעבעך, אַף אים. ער הייבט גאָר ניט אָן צו וויסן, פּונקט אַ קאַלב וואָלט בא אים אימיצער קעדרינען אָפּגעקײַט די צונג. אַוואַדע האָט מען געזען.

— זאָגט זשע מיר אָבער אויך, ווער האָט געזען? נו ווער? ווער האָט געזען? — האָט גדאַליע אויסער זיך געשריִען און דערבײַ אונטערגעהויבן די אַקסלען, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן בא אים אין איין אַראָפּגליטשען זיך, — סאָנים האָבן בעקיוון פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַף אָנמאַכן אַ פּאַניקע, און איר גלייבט. אַ? ווי קלערט איר, צי דען וואָלט ער ניט פאַרפאָרן נאָך מיר? כ׳וויל ניט זאָגן קיין סאַך, נאָר אַ שטיקל טאַטע בין איך אים נאָך, צי ניין? אַ?

— וואָס דערציילט איר אונדז מײַסעס! איר דערלאַנגט אים אונדז אַהער!

— נ, יוט! מאָרגן באַגינען פאָר איך אין שטאָט און ברענג אים בעקיוון אַהער אַראָפּ.

— און טאָמער איז ער דאָרט ניטאָ? טאָמער איז ער טאַקע אַנטלאָפן?

— אַנטלאָפן?

גדאַליע האָט אויסגעגלאָצט די אויגן און אַ טראָט געטאָן פאָרויס, ווי עמעצער וואָלט אים הינטערוויַלעכס אונטערגעשטופּט.

— אנטלאָפן, זאָגט איר? אויב ס'איז עמעס, איז ער מיר מער קיין זון ניט. איר הערט, ייִדן, ער איז מיר מער קיין זון ניט!

קוים האָט אָנגעהויבן טאָגן, איז גדאַליע ריזמאַן שוין געווען אין וועג.

א פרישער און קילער באַגינען, וואָס שמעקט מיט טוי און פריִען הארבסט, איז געלעגן אפן סטעפּ. א גלײַכער אויסגעפאָרענער וועג האָט זיך געצויגן ביזן סאַמע האָריזאָנט, און פון ביידע זײַטן וועג — ניט פארזייטע פעלדער. גדאַליע האָט זיך באַמיט ניט אומצוקוקן. ווי פיל אנדערע, האָט אויך ער, גדאַליע ריזמאַן, געגלייבט, אז ס'וועט ניט אויסקומען פונדאַנען אוועקגיין. אזוי ווײַט וועט מען דעם דײַטש ניט דערלאָזן. ס'איז אומזיסט די גאַנצע שרעק.

אפן וועג האָט ער דערזען ליגן א זאַנג. גדאַליע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אופגעהויבן די זאַנג, זי אויסגעדראָשן צווישן די פינגער און מיט א באַזונדער טײַנעג געקײַט די קערנער. אין אַן אַנדער צײַט וואָלט ער מיט פארגעניגן זיך צוגעזעצט דאָ אָפּרוען. ביזוואַנען די זון איז נאָך באַם האָריזאָנט, איז גוט זיך אויסציִען אפ דער סטערניע און קוקן סטאַם אזוי אין הימל אַרײַן. נאָר ווידער קומט אים אפן געדאַנק שלוימע. ער פארגיכערט די טריט און ס'דאַכט זיך אים אויס, אז אלע ייִשוּווים קוקן אים נאָך. מע זיצט און מע וואַרט, מיט וואָס וועט ער קומען. און ווי ער וואָלט געווען זיכער, אז עמעצער הערט אים אונטער, האָט ער אפ א קאָל אָנגעהויבן אײַנכאַזערן די רייד, מיט וועלכע ער וועט זיך ווענדן צום זון:

— פאַר מיר האָסטו זיך ניט וואָס צו פאַרענטפערן. איך האָב סײַווי ניט געגלייבט. פונדעסטוועגן בעט איך דיך, זאָלסט זיך אופזעצן מיט מיר און פאָרן אהיים, כ'מיין, אפ די ייִשוּווים. מענטשן האָבן דיר אָנגעטרויט זייער לעבן, איז זאָלן זיי זען, אז זיי האָבן זיך אין דיר ניט געניארט.

אַרײַנגייענדיק אין א כוטאָר, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט א ווינט. מיט א מעשוּנענער גיכקײַט האָט פארבײַ אים זיך פארבײַגעטראָגן א לײַכטע מאַשין. גדאַליע האָט קוים באַוויזן אָפּצוטרעטן פון וועג.

— טאַטע!

גדאַליע האָט זיך פארוואונדערט אומגעקוקט און געבליבן צוגעשמידט צום אָרט.

— טאַטע!

— שלוימע, דו?

— וווהין אײַלסטו דאָס אזוי פרי?

— צו דיר.

— צו מיר? ס'האָט עפּעס כאָלילע געטראָפן אין דער היים?

— מענטשן האָבן מיך געשיקט דיך אראָפּברענגען. מע האָט זיי געזאָגט...

— איך ווייס וועגן דעם. און דו, טאַטע, האָסט אויך געגלייבט אין דעם?

גדאַליע האָט געשוויגן.

פון מאַשינען זײַנען אַרויסגעגאַנגען יוסעף מײַעראָוו און רייזל מענוכין.

— וואָס הערט זיך בײַ אײַך אין ייִשעוו? — האָט יוסעף געפרעגט בײַ גדאַליען.

— מע זיצט אויף די קלומקעס. מע וואַרט. מע האָפט. אַנדערע זאָגן, אַז ס'איז גאַנץ מעגלעך, מיר זאָלן זיך פאַנאַנדערפאַקוועגן און...

רייזל האָט אָפּגעקערעוועט דאָס פּאָנעם און איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זײַט. גדאַליע האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז וועגן דעם איז מער ניטאָ וואָס צו ריידן. באַשערט, אַז גדאַליע זאָל אויף דער עלטער צוריק ווערן אַ באַלעגאָלע.

— וווהין? — האָט ער מיט אַן אָפּגעשוואַכטער שטים געפרעגט.

— אויף קובאַן. פון דער יאַבאָשע זײַנען מיר שוין אָפּגעשניטן. — האָט יוסעף געענטפערט.

— און וועןן?

— טאַטע, — האָט שלוימע זיך אָנגערופן צו גדאַליען, — ביז מאָרגן איז נאָך פאַראַן אַ גאַנצער מעסלעס, זעצט זיך אַרײַן מיט רייזלען אין דער מאַשין און פאָר אַהיים. בײַ רייזלען וועסטו זיך אַלץ דערוויסן. איך מיט יוסעפן וועלן שפּעטער אונטערקומען.

אין אַזאַ באַגינען קאָן מען צענדליקער מײַל אָפּגיין צופוס און ניט ווערן מיד. וווּנדערלעך שיין איז דער פריהאַרבסטיקער קאַיאָר אויפן קרימער סטעפּ. עס רייכערט ניט דער שטויב אויף די וועגן, און די לופט איז פריש, דורכזיכטיק, ווי זומער אין אַ סאָד נאָך אַ וואַרעמען רעגן. שלוימע מיט יוסעפן האָבן ניט געאײַלט. זיי האָבן לאַנג־זאַם געשפּאַנט איבערן פאַרלאָזענעם סטעפּ און געשוויגן. אַ גאַנצע נאַכט זײַנען זיי אומגעפאָרן איבער די ייִשוווים פון ראַיאָן, אַרײַנגעבראַכט אין יעדער שטוב די גרויזאַמע בסורע: „מאָרגן זאָלט איר פאַרלאָזן אײַערע היימען!"

„פאַרלאָזן די היים!" יעדער איינער פון זיי האָט זיך איצט דער־מאָנט דעם ערשטן באַגינען, וואָס זיי האָבן מיט פיל יאָר צוריק באַ־

געגנט אפֿן קרימער סטעפּ. ס'איז געווען אָנהייב פֿרילינג. א קאַלטער, געדיכטער רעגן האָט געגאָסן אפֿן סטעפּ. האַלב באָרוועס, מיט פֿאַרקאַטשעטע הייזלעך, האָבן זיי זיך ביידע געשלעפּט נאָך די וועגענער און מיט דערשראָקענע בליקן געקוקט אפֿן אומבאַקאַנטן סטעפּ. ס'האָט דאַן אַזוי געצויגן צוריק אין שטעטל. זיי זײַנען דאָך נאָך דעמלט גאָר קליינע קינדער געווען. א שווער יאָר איז דאַן אויסגעקומען אײַנצוּלעבן. א סאַך מישפּאָכעס האָבן פֿאַרשאָלטן די ערד, דאָס געביין און זיך אומגעקערט צוריק אין די שטעט און שטעטלעך. געדאַליע ריזמאַן און יויסעף מײַעראָווס טאַטע זײַנען געווען אײַנגעשפּאַרטע ייִדן. זײַנען זיי אַהער געקומען, וועלן זיי שוין דאָ פֿאַרבלײַבן. ביסלעכווײַז האָט שלוימע אָנגעהויבן פֿאַרגעסן, ווי־אַזוי זעט אויס דאָס שטעטל, פֿונוואַנען ער איז אַהער געקומען. דער סטעפּ האָט אים געפֿאַנגען. דאָ אפֿן סטעפּ איז דורך זײַן קינדהײַט, זײַן יוגנט. ביידע, אי ער אי יויסעף, זײַנען דאָ אויסגעוואַקסן אין מעלוכע-טוער.

שלוימע איז דאַנקבאַר דעם באַגינען פֿאַר דער לויטערער שטילקײַט. קיינער שטערט אים ניט טראַכטן וועגן איר, רייזלען, וועמען ער האָט ערשט מיט א קנאַפּער שאָ צוריק געזען, געפֿילט אפֿ זיך איר וואַרעמען אָטעם, און ס'דוכט זיך אים, אַז דאָס איז געווען שוין לאַנג, זייער לאַנג. אין אָט דער גרויזאַמער צײַט, וואָס איז אָנגעקומען, האָט שלוימע אַלץ געקאָנט גרינגער זײַן אין זיך. נאָר די גרויסע בענקשאַפֿט נאָך איר איז אין אים איצט געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט געפֿינען קיין אָרט. אויסערלעך אָבער האָט עס אפֿ אים קיינער ניט באַמערקט, אַפֿילו זײַן נאָענטסטער כאַווער, יויסעף מײַעראָוו. שלוימעס פּאָנעם איז, ווי בא א סאָלדאַט, געווען פֿאַרהאַרטעוועט און שטרענג.

א שמאָלע סטעזשקע האָט אָפּגעקערעוועט פֿון וועג אין סטעפּ. שלוימע האָט זיך געלאָזן מיט דער סטעזשקע און איז געבליבן שטיין בא א הויכער סקירדע ווייץ. ער האָט צונויפֿגעקליבן פֿון דער ערד די צעשאָטענע זאַנגען, וואָס דער ווינט האָט צעטראָגן, און זיי באַלעבאַטיש פֿאַרשטעקט אין דער סקירדע.

יויסעף האָט אפֿ אים פֿאַרוווּנדערט געקוקט, ניט געקאָנט באַנעמען.

— כ'פֿאַרשטיי ניט, — האָט ער צו אים געזאָגט, — האָפּסט נאָך, אַז מיר וועלן באַווײַזן איבערצודרעשן די סקירדעס?

— האַלעווײַ זאָלן מיר כאָטש באַווײַזן אַלץ פֿאַרברענען. קיין איין זאַנג, יויסעף, טאָר ניט בלײַבן אין פֿעלד. מיט אַש וועלן מיר

באדעקן אונדזער ערד, ביזוואנען עס וועלן זיך אהער ניט צוריקקערן די עמעסע באַלעבאַטים אירע, — און ער האָט ווידער געקליבן און פאַרשטעקט אין דער סקירדע די צעשאָטענע זאנגען.

— איז צוליב וואָס קלייַבסטו אויף די זאנגען? — האָט יויסעף ווידעראמאָל בא אים געפרעגט.

שלוימע איז געבליבן שטיין א פאַרוווּנדערטער.

— האַ? נו, טאקע? ס'איז שוין א געוווינהייט אזא בא מיר, פאַרפאלן. מיר זייַנען דאָך דאָ אויסגעוואקסן, יויסעף.

יויסעף איז געשטאנען לעבן דער סקירדע ווייץ און שטיל גערעדט צו זיך אליין:

— ווי פאַרברענט מען עס אזא האָרעוואַניע, אזא האָרעוואניע?

— ניטאָ איצט קיין אנדער אויסוועג... — האָט שלוימע אוועקגעלייגט זייַן שווערע האַנט אף יויסעפס אראָפּגעפאלענע אקסלען, — דאָס, וואָס מיר וועלן ניט באַווייַזן עוואקויִרן, מוזן מיר פאַרניכטן. די עלעקטראָסטאנציעס אף די יִשוּווים — אופרייַסן! די ברונעמס — פאַרשיטן! די ערד, אף וועלכער עס וועט ארופטרעטן דער סוינע, מוז זייַן מִניִרט מיט אונדזער צאָרן.

שלוימע איז געווען ניט צו דערקאָנען. די אויגן האָבן בא אים געברענט, די אקסלען זייַנען געוואָרן נאָך ברייטער, ווי געווען. ס'האָט זיך אין אים געפילט א קראפט, וואָס ווען מע זאָל זי אייַנשפאנען, וואָלט זי אף זיך, דוכט זיך, אוועקגעשלעפּט דעם גאנצן סטעפּ.

זיי האָבן זיך געלאָזן מיט דער סטערניע צום וועג, וואָס האָט געפירט אין יִשוּוו. פון ארוף־בארג האָבן מיט א זויבערער העלקייט געפינקלט די קלאָר־ווייַסע קופּאָלן פון די סילאָס־טורעמס.

— שלוימע, — האָט יויסעף זיך אָנגערופן, — מע וועט מוזן זיך ווידעראמאָל דורכפאָרן איבער די יִשוּווים. כ'האָב מוירע, אז ניט אלע וועלן זיך עוואקויִרן. ניט אלע גלייבן אין די דייַטשישע רעציכעס.

— דאָס זעלבע איז אין שטאָט, — האָט שלוימע צוגעגעבן. — מיר האָבן געטאָן אלץ, וואָס איז מעגלעך. ניט דורכגעלאָזן קיין איין שטוב. הער!

פון אופרעגונג האָט אים אזש פאַרכאַפּט דער אָטעם:

— די, וועלכע ווילן זיך בעסער שיידן מיטן לעבן, איידער מיטן גוטס, וועסטו שוין ניט איבעריידן. צווינגען מיט געוואַלט? אף דעם, זעסטו, האָבן מיר ניט קיין באַפולמעכטיקונג. אלנפאלס, אייני-

קע פֿינ זיי וועלנ מיר צווינגענ אַרויספּאָרנ. אונדזער כּיוו איז — אַרויסראַטעווענ וואָס מער מענטשנ.

דער וווּקסיקער אונ קרעפּטיקער יוסעפ מײַעראָווו איז געוועזנ עלטער פֿונ שלוימענ מיט היפּשע עטלעכע יאָר, נאָר וועגנ פֿלעגט ער זיך צו שלוימענ, ווי צו אַנ עלטערנ פֿונ זיך. ער האָט בײַ אים שטענדיק געפֿונענ אַנ ענטפֿער אױף די סאַמע שווערסטע פֿראַגנ.

— שלוימע, מיר דוכט, אַז צו שפּעט הייבנ מיר אָנ די עוואַקואַציע!

— וועגנ דעם, יוסעפ, וועלנ מיר ריידנ נאָכ דער מילכאָמע. איצט איז ניט די צײַט. אונ, צווייטנס, סינעלניקאָוואָ איז קימאַט פֿינפֿ הונדערט ווייאָרסט פֿונדאַנענ, אונ דער דײַטש האָט זיך אַהינ ארײַנגעריסנ אינ די ערשטע פֿאָר וואָכנ. ער האָט אונדז נאָכ דעמלט אָפּגעשניטנ פֿונ דער יאַבאַשע. מיר האָבנ דאָכ ניט געקאָנט עוואַקווירנ דעם ראַיאָנ אָפּנ צווייטנ טאָג פֿונ דער מילכאָמע. קאָלוזמאַנ די געפֿאַר איז נאָכ געווענ ווײַט, האָבנ מיר געמוזט אופֿקלײַבנ דאָס ברויט פֿונ די פֿעלדער. ברויט — איז געווער.

— איכ מיינ, שלוימע, — האָט יוסעפ אינ אַ ווײַלע אַרום באַנײַט דאָס געשפּרעכ, — אַז ס'איז שוינ געקומענ די צײַט אַ טראַכט צו טאָנ מיקויעכ געווער פֿאַרנ פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד, וואָס מיר וועלנ דאָ שאַפֿנ. האָפֿנ, אַז עמעצער וועט אונדז ברענגענ, קענענ מיר דאָכ ניט.

— געוויס. וואָס זשע לייגסטו פֿאָר?

— מיר דאַרפֿנ שוינ איצט אופֿקלײַבנ אַזעלכע מענטשנ, וואָס פּאַסנ צו דער אַרבעט, העלדישע געזונטע יונגענ. אַזעלכע מענטשנ קענ מענ געפֿינענ צווישנ די געוועזענע קאַצאָווים, באַלעגאָלעס, שמידנ. ווי קלערסטו?

שלוימע האָט ליב געהאַט יענעמ אויסהערנ ביזנ סאָפּ. דערפֿאַר האָט ער איצט מער געשוויגנ, ווי גערעדט.

— צווישנ די קאַצאָווים-יונגענ, זאָגסטו? — האָט שלוימע אינ אַ צײַט אַרום אים איבערגעפֿרעגט. — פֿאַרוואָס קלערסטו, אַז נאָר צווישנ זיי? יעדער איינער, וואָס קומט אָנ צו אונדז אינ אָטריאַד, ווייסט, אַז ער איז אַ פּאַרטיזאַנער אױף דער סאָוועטישער ערד; אױף דער ערד, וואָס איז אויסגעווייקט אינ אונדזער בלוט אונ שווייס. געדענקסט, יוסעפ, די ערשטע טעג פֿונ דער איבערוואַנדערונג? הונגעריקע, טויטמידע זײַנענ מיר נאָכגעגאַנגענ נאָכנ אַקער אונ געהאַט אינ זינענ

ניט בלויז דאָס ברויט. מיר האָבנ דעמלט געדארפט באווײַזנ, אז ייִדנ קענענ באארבעטנ ערד, אונ מיר האָבנ דערוויזנ. נישקאָשע, אפ אזעלכע פארטיזאנער, ווי אונדזערע ייִדישע פויערים, קאָנענ מיר זיכ פארלאָזנ. צווייטנס, יויסעפ, דארפנ מיר זענ, אז פונ דער ערשטער מינוט אָנ פונ דער עוואקואציע זאָל יעדער איינער דערפילנ, אז מע איז ניט קיינ פליטים, נאָר אנ אָרגאניזירטע ארמיי. מיר זײַנענ איצט אלע סאָלדאטנ.

ארײַנקומענדיק אינ ייִשעוו, האָבנ זיי דערהערט א גערעאָמער. פונ אלע הײַזער האָט זיכ געטראָגנ צום סטעפ א שרעקלעכ פײַנפול געוויינ. מע האָט זיכ געגרייט אינ וועג ארײַנ.

גייענדיק פארבײַ איינער א שטוב, האָט שלוימע דערהערט שווערע קלעפ פונ א האק. ער האָט זיכ אומגעקוקט אונ דערזענ: מאָרדכע באסאָוו, א דארער ייִד מיט אנ אויסגעבויגענער נאָז אונ שטייענדיקע שווארצאפלענ האָט פארהאקט די טיר פונ קעלער. שלוימע איז צו אימ צוגעגאנגענ אונ געפרעגט:

— איר האָט דאָ באהאלטנ אײַער גוטס?

— קאדאָכעס האָב איכ דאָ באהאלטנ. ס'הייסט, איכ וועל דאָ באהאלטנ דאָס גוטס? — אונ מאָרדכע באסאָוו איז זיכ פארגאנגענ אינ א שווערנ פארקײַכטנ הוסט.

— איז צוליב וואָס פארהאקט איר עס אזוי די טיר פונעמ קעלער? איר מיינט, אז א פארהאקטע טיר איז א סגולע קעגנ גאזלאָנים?

— פארקערט, — האָט באסאָוו אָפגעענטפערט אונ דערבײַ כיטרע פארזשמורעט די אויגנ, — די מידעס פונ א גאזלענ ווייס איכ גאנצ גוט. איכ בינ שוינ באָרעכהאשעמ עטלעכע אונ פופציק יאָר א ייִד. געווענ בא מיר אזעלכע געסט, ווי פעטליורע, מאכנאָ, זעליאָנע, מארוסקע. אונ דעמ טאטנ מײַנעמ, צי דעמ זיידנ, האָבנ מיסטאמע אויכ ניט אויסגעפעלט קיינ געסט. מיר ווייסנ שוינ די מידעס פונ א גאזלענ! אינ אנ אָפענער טיר וועט ער דאפקע ארײַנגיינ פאָרזיכטיק, אונ א פארהאקטע טיר וועט ער דאפקע וועלנ אופרײַסנ, בפראט נאָכ יעקע דײַטש. נו, איז זײַט זיכער, איכ האָב צוגעטראכט א שפיצל, אז ווי נאָר ער וועט אופרײַסנ די טיר, וועלנ זיכ פונ יענער זײַט אפ אימ א שאָט טאָנ טעפ מיט טשוהונעס, מיט שטיינער, אז קיינ לעבעדיקער וועט ער שוינ פונדאנענ ניט ארויס.

— אזוי גאָר?

— אונ וואָס האָט איר געמיינט? וויבאלד אז איכ אליינ קאָנ

ניט אופנעמען דעם דײַטש, איז זאָל כאָטש די שטוב מײַנע אים אופנעמען ווי ס'געהער צו זײַן. וואָס-וואָס, נאָר אָרכים קענען מיר אופנעמען!

פונדאנען האָט שלומע פארקערעוועט צום קאָלווירטישן הויף.

פון אלע פענצטער האָט מען אים נאָכגעקוקט. זײַנע אויסגע-גלײַכטע אקסלען, זײַן פעסטער, זיכערער טראָט האָט צוביסלעכווײַז אלעמען בארויִקט.

## 4

טאָג און נאכט האָבן שלומע ריזמאן און יויסעפ מײַעראָוו זיך אומגעשלעפּט איבער די ייִשוּווים פון ראיאָן. זיי זײַנען געגאנגען פון הויף צו הויף, פון שטוב צו שטוב און איטלעכן באזונדער גע-וואָרנט וועגן דער געפאר. דער דײַטש דערנעענטערט זיך צום סטעפּ. מע מוז פאָרן! נאָר ווען ס'איז אָנגעקומען דער טאָג פון דער עוואַ-קואציע, זײַנען א סאך מענטשן פארבליבן אפּ די ייִשוּווים. ס'זײַנען איבערגעבליבן קראנקע און שוואכע, אלטע לײַט און מוטערס מיט פּיצלעך קינדער אפּ די הענט. זיי האָבן מוירע געהאט זיך רירן פון די ערטער. אויב ס'איז באשערט צו שטארבן, איז בא זיך אין שטוב, אפּן אייגענעם בעט, און ניט אין וועג. ס'איז פאר זייערע קויכעס זיך לאָזן אין אזא ווײַט? אייניקע פון זיי האָט שלומע ריזמאן מיט געוואלט ארופגעזעצט אפּ די וועגענער, און ביז דער לעצטער מינוט האָט ער אײַנגעטײַנעט מיט די, וואָס האָבן ניט געגלייבט אין די דײַטשישע דעציכעס. איבערשפּארן זיי איז געווען קימאט אומעגלעך, ביפראט, אז דערווײַל איז נאָך די געפאר גאנץ ווײַט געווען פונ-דאנען. דערווײַל איז נאָך דער דײַטש אפּ יענער זײַט פערעקאָפּ. אויסער אָט די מישפּאָכעס זײַנען אין יעדן ייִשוּוו פונעם ייִדישן נאציִאָנאלן ראיאָן איבערגעבליבן צו עטלעכע באוואָפנטע מענטשן — דער קערן פונעם פּארטיזאנישן אָטריאד. די איבעריקע זײַנען אוועק צו קערטש.

און דער וועג צו קערטש האָט טאָג און נאכט זיך געררייכערט, ווי מע וואָלט דאָ אונטערגעצונדן די ערד. פונעם געדיכטן וואָגל-שטויב זײַנען די וואסערן אין טײַכן געוואָרן גרוי, די פעלדער פאר-כוישעכט. פונעם געיאָמער, וואָס האָט דערגרייכט ביזן הימל, האָט מען געקאָנט דול ווערן. צענדליקער טויזנטער מישפּאָכעס פון שטאָט און דאָרף האָבן זיך געשלעפּט מיטן גרויסן וועג, פארבײַ פוסטע ייִשוּווים און אָפּגעשטאָרבענע סטאנציעס. מע איז געגאנגען טאָג און

נאכט, געײַלט צום אײנציקן פֿרײַען ארויסגאנג — צום קערטשער דורכגוס. ס'איז שוין געווען הארבסט, נאָר די זון האָט געפּאליעט ווי אינמיטן זומער. פֿון דער מעסוקענער היץ האָבן אויסגעטריקנט די אויגן, די פּענעמער — שווארצער פֿון דער ערד, די ליפּן — צע־שפּאָלטן. שטומערהייט, ווי אף א לעווײַע, זײַנען די מאנצבלען נאָכ־געגאנגען נאָך די וועגענער, אף וועלכע ס'איז געלעגן דאָס צעבראָ־כענע און צעשטאָכענע האָב-און-גוטס, און אף דעם — זייערע קינ־דער. דאָס קלינגען פֿון די עמערס און טשײַניקעס, וואָס זײַנען גע־ווען צוגעבונדן צו די וועגענער און מאָזשארעס, האָט געוועקט די זוניקע ווײַט ווי בייס א סרייפע. אפֿן וועג האָבן זיך פֿאריייניקט אַלץ נײַע און נײַע יישוווים. מע האָט זיך צונויפֿגעגאָסן צוזאמען. דער גרויסער בראָך האָט אלעמען פֿאריייניקט. פֿון ביידע זײַטן וועג איז דער סטעפּ געווען באלאגערט פֿון די טשערעדעס פֿי, וואָס האָבן שוין קוים איבערגעשטעלט די פֿיס פֿון מידקײַט, פֿון דעם, וואָס מע האָט זיי שוין לאנג ניט געמאָלקן. אף יענער זײַט באן־ליניע האָט זיך געצויגן א ברייטער שאָסיי. דאָרט האָט זיך באוועגט דאָס מיליטער, וואָס איז געגאנגען פֿון יאם אין דער ריכטונג צו פּערע־קאָפּ. ווײַט, ווײַט האָט זיך געהערט דאָס גערויש פֿון די טאנקען, פֿון דער שווערער ארטילעריע, פֿון די טראקטאָרן. די איבערוואנ־דערער האָבן די גאנצע צײַט געקוקט צום שאָסיי — געזוכט צווישן די פֿארווינטיקטע פּענעמער פֿון די שלאכטלײַט זייערע קינדער און טאטעס.

יויסעף מײַעראָוו האָט אָנגעיאָגט די פֿאסטעכער, וואָס האָבן גע־טריבן די טשערעדעס, און איז א שטיק וועג מיטגעגאנגען מיט זיי. ער האָט געקוקט אף זייערע באָרוועסע פֿיס, אף די פֿארשטויבטע, אָפּגעטראָגענע שיך, וואָס זײַנען געהאנגען בא זיי אף די אקסלען, און זיך געוווּנדערט. דעם גאנצן וועג האָט ער פֿון זיי ניט געהערט קיין קרעכץ, קיין זיפֿץ. די גרויזאמע צײַט האָט זיי ניט אײַנגעבראָכן.

— ווארף אראָפּ פֿון זיך די שטיוול, יויסעף, — האָט שיִע ליב־מאן אים א טאָרע געטאָן באַם אקסל, — פֿארקאטשע די הויזן, אָט אזוי ווי מיר האָבן געטאָן, זאָל מען אין אונדז דערזען פֿאסטעכער. יאנקעוו אָווינו איז אויך געווען א פֿאסטעך. אוואדע איז אים גע־ווען לײַכטער פֿון אונדז. יאנקעוו אָווינו האָט דאָך ניט געוווּסט, וואָס איז אזוינס א דײַטש.

ער האָט א פּאָך געטאָן מיטן בײַטש-שטעקל אף די קי, וואָס האָבן זיך אויסגעקערעוועט מיט די מאָרדעס צו די פֿארשוווּנדענע יישוווים:

— קודאַ! ס'גלוסט זיך אײַך אַהײם? מאַרש באַ סעווער! — און ווידער צו מײַעראָווען: — וועסט נאָך זען, יויסעף, וואָס פֿאַר אַ געמערטע און געפּרוכפּערטע טשערעדעס מיר וועלן נאָך טרײַבן צוריק צו אונדזערע יישוּווים.

אַ מעכטיקער בוים אין אַ שטילן, זוניקן טאָג האָט זיך ניט געהאַלטן אַזוי גלײַך און מונטער, ווי שיִע ליבמאַן. מײַעראָוו האָט באַטראַכט זײַנע אַקסלען. ברייטע, צעשפּרייטע אַקסלען, וואָס אויף אויסמעסטן זיי וועט, דאַכט זיך, ניט קלעקן קיין מעטער.

— זאָגסטו, שיִע, — האָט מײַעראָוו זיך צו אים אָנגערופֿן, — אַז אויב מע וועט ניט געבן קיין ביקס, וועסטו אָנשאַרפֿן די קאַצאַווישע האַק?

— וואָדען. כ'וועל זיך לאָזן שעכטן?

— און וואָס זאָלן טאָן די, וואָס זײַנען ניט געווען קיין קאַצאָווים? און ווידער, וואָס איז אַ האַק קעגן אַ טאַנק? קעגן אַן אויטאָמאַט? ס'איז אַנדערע צײַטן, שיִע.

ליבמאַן האָט אָנגעשטעלט אויף מײַעראָוון זײַנע אָנגעגאָסענע אויגן און שווער געסאָפּעט ווי אַן אָקס פֿאַר אַ רעגן.

— עס רעדט זיך נאָר אַזוי. אַוודאי קאָן מען מיט קיין האַק זיך ניט שלאָגן קעגן דײַטש. מע דאַרף געווער, און געווער, מײַעראָוו, וועלן מיר נעמען באַם דײַטש. ס'איז ניט קיין גרינג שטיקל אַרבעט. אויף אַזאַ מלאָכע דאַרף מען שיקן אַ נאַש בראַט. קאַצאָווים-יונגען. מעגסט זיך שוין אויף אונדז פֿאַרלאָזן.

— ניט איין גוורדע פֿון די הענט ליגט אונדזער קראַפֿט, שיִע; זי ליגט אין אונדזער דערצאָרנטער נשאָמע. פֿאַראַן צײַטן, ווען שוואַכע קאָנען אײַנעמען אַ לעמפּערט. אַזאַ צײַט איז איצט אָנגעקומען. האָסט שלוימען הײַנט ניט געזען?

דער באַפֿולמעכטיקטער פֿון רעפּובליקאַנישן ראַיפּאָלקאָם אויף עוואַקויִרן דעם יידישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן שלוימע ריזמאַן איז דעם גאַנצן וועג געגאַנגען צופֿוס, אין דער סאַמע געדיכטעניש פֿונעם האַמוין. פֿון אַזויפֿיל נעכט ניט דערשלאָפֿן איז ער געווען טויט-מיד, דאָס פּאָנעם געעלטערט, אויסגעצערט. נאָר ער האָט זיך געהאַלטן מונטער. קיין סימען פֿון מידקײַט ניט אַרויסגעוויזן אין גאַנג. אַזוי-מעטום האָט ער אָנגעשפּאַרט, אים האָבן אַלע געזען, סײַ די פֿאָדערשטע רייען, סײַ די סאַמע הינטערשטע. פֿאַר יעדן איינעם האָט זיך באַ אים געפֿונען אַ וואָרט פֿון טרייסט און האָפֿענונג. דעם גאַנצן וועג האָט ער אונטערגעהאַלטן דעם מוט פֿונעם פֿליטוויזנטיקן האַמוין.

אָפּטמאָל האָט מען אים געזען אין דער באגלייטונג פון די מענוכין. א שלאנקע, א בייגעוודיקע, די ליפּן פארביסן, איז זי גע-גאנגען לעבן אים און געשוויגן.

פאר די אויגן איז איר פון צייַט צו צייַט געשטאנען דער בלויער פארנאכט אפן ברייטן סטעפּ, ווו זי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל גע-טראָפן מיט שלוימען. זי איז דעמלט געגאנגען פון פעלד צו זיך אין יישעוו, ווו זי האָט געוווינט ערשט דאָס אנדערע יאָר. שלוימע איז געפאָרן פון שטאָט אין געסט צו זייַנע עלטערן. א געוווינהייַט האָט שלוימע געהאט: באגעגנט ער עמעצן אין וועג, נעמט ער אים אַרייַן צו זיך אין מאשין און דערפירט אים ביזן שטוב. ווען ער האָט זי באגעגנט, האָט ער אויך אָפּגעשטעלט די מאשין און גע-פרעגט בא איר:

— איר גייט אהיים? כ׳קאָן אייַך אונטערפירן.

— איך בין ניט מיד, — האָט זי אים געענטפערט, און דאָ האָט ער זיך באגעגנט מיט אירע גרויסע שווארצע אויגן, וואָס באהאלטן זיך אויס אונטער די לאנגע וויִעס, אויגן, וואָס צווינגען, מע זאָל זיך אפ זיי פארקוקן.

די מאשין איז אוועק אָן אים. לאנגזאם, מיט אייַנגעהאלטענע טריט, עטוואָס דערוווּנדערט פון איר, האָט ער זי באגלייט אין יישעוו און דערבייַ פאנאנדערגעפרעגט וועגן דער ארבעט אין פעלד, נאָכ-דעם וועגן אירע עלטערן, און צום סאָף צו זיך אליין א זאָג געטאָן:

— כ׳האָב דאָס לעצטע יאָר זיך א ביסל אָפּגעריסן פון סטעפּ, נאָר פונדעסטוועגן קען איך קימאט אלע נייַע איבערוואנדערער. פאר-וואָס זשע האָב איך אייַך קיינמאָל ניט געזען?

וואָס האָט זי אים דערויף דעמלט געענטפערט, קאָן רייזל זיך איצט ניט דערמאָנען. זי האָט, דאכט זיך, בלויז אראָפּגעלאָזן די אויגן און עטוואָס פארגיכערט די טריט.

שלוימע האָט זיך דעמלט פארהאלטן אין יישעוו א סאך לענגער ווי שטענדיק. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן קומען אָפטער, און ווען ער איז געווען אין שטאָט, האָט זי געפילט, אז זי בענקט נאָך אים. זי האָט געבענקט נאָכן שמייכל פון זייַנע קארע אויגן, נאָך זייַן הארציקער שטים.

ווען מע האָט זי ניט לאנג צוריק אויסגעוויילט פארן פּאָדזיצער פונעם דאָרף-סאָוועט, האָט ער איר פון שטאָט צוגעשיקט א טעלע-גראם. פינף ווערטער זייַנען געווען אין דער טעלעגראם: „באַרעכ-טיק דעם צוטרוי פון פאָלק״. נאָכדעם האָט זי פון אים געהאט בריוו,

אָפּטע בריוו, פון וועלכע ס'פלעגט אין איר גרעסער ווערן די בענק-שאפט נאָך אים. קאָן דען זײַן, אז איצט דארפן זיי זיך צעשיידן?

אין די אויסגעשטערנטע אפדערנאכטן אין ברייטן סטעפּ האָבן זיי ביידע ליב געהאט צו טרוימען וועגן דער צוקונפט, און איצט האָט זי מוירע צו טראכטן וועגן איר. נאָר ער, שלוימע ריזמאַן, ער טראכט איצט בלויז וועגן דער צוקונפט. א שווערער וועט זײַן דער וועג צום ניצאָכן. ס'וועלן זײַן א סאך קאָרבאָנעס. מעגלעך, אז ער וועט אויך ניט געניסן פון יענער גליקלעכער שאָ, ווען דײַטשלאנד וועט זײַן באזיגט. זייער שווער איז צו טראכטן וועגן דעם אין דער אָנוועזנהײַט פון רייזלען. זי איז איצט אזוי נאָענט פון אים און אין דער זעלבער צײַט מוז ער זיך אליין צווינגען טראכטן, אז זי איז ווײַט, זייער ווײַט. עטוואָס ווייניקער פון א כוידעש איז שוין געבליבן ביז זייער כאסענע. די כאסענע האָט ער זיך געקליבן פראוועז ניט אין שטאָט, נאָר אפן יישעוו, ווו ער איז אויסגעוואקסן. דאָס גאנצע דאָרף וואָלט ער פארבעטן צו זיך אפ כאסענע. ער אליין וואָלט פאנאנדערגעטראָגן די אײַנלאדונג פון שטוב צו שטוב. נאָר אָנשטאָט דעם, איז אפ אים, אפ שלוימען, אויסגעפאלן די שליכעס פאנאנדערטראָגן פון שטוב צו שטוב די גרויזאמע בכורע: „פארלאָזט אײַערע היימען!”

ווען ער האָט אָט די בסורע פאנאנדערגעטראָגן, האָט ער פארן פאָלק געהאט איין טרייסט — איר וועט נאָך דערלעבן הערן פון מיר די פריילעכע יעדיִע: „צוריק אהיים!”

ער ווייסט, אז א סאך פון די, וואָס ער האָט פון די יידישע יישווים ארויסגעבאגלייט אין שלאכט, וועלן זיך מער צוריק ניט קערן. ניט אלע, וואָס שלעפן זיך איצט איבערן וואנדער-וועג, וועלן צוריק זען זייער היים. זײַן שליכעס באשטייט אצינד אין דעם, ער זאָל דעם האמוין ארויספירן פון איינדזל. ראטעווען זיי פון אונטערן כא-לעפּ — אייפּעלעך, פרויען, אלטע לײַט.

ער קוקט זיך אום צום וועג. קימאט קיין איין יונגערמאן זעט ער ניט אפ די פורן.

— אונדזערע יונגעלײַט זיצן איצט אפ די טאנקען, בא די האר-מאטן! — האָט ער צו זיך אליין א זאָג געטאָן אפ א קאָל.

רייזל האָט זיך אומגעקוקט. זי האָט פאו שטאנען, אז ניט וועגן איר האָט שלוימע געטראכט.

— און דו, — האָט ער זיך צו איר געווענדט, — דו טאָרסט ניט בלײַבן דאָ. דיר פארטרויען מיר די טאטעס און די מאמעס אונדזע-

רע, זאָלסט זיי דערפירן אַף יענער זײַט יאַם און דו, רייזל, וועסט זיי ברענגען צוריק אהיים.

— שלוימע!

— זאָלסט דאָרט פארהיטן דעם נאָמען פון אונדזער יידישן נאַ-ציאָנאַלן ראַיאָן, דעם נאָמען פון אונדזער האָרעפּאַשנעם פאָלק אזוי, ווי אונדזער יוגנט אַף די שלאַכט־פעלדער.

— שלוימע!

ער האָט זי ניט געלאָזט ריידן.

— באַ די שווערסטע ניסיונעס זאָלסטו אין זיי אונטערהאלטן דעם גלויבן און מוט.

פון א דערבײַיקער פור איז אראָפּגעשפרונגען שמועל-כאַיִם קאַט און איז צוגעגאנגען צו ריזמאנען.

— א גוט-יאָמטעוו, שלוימע. וואָס קוקסטו אזוי אַף מיר? הײַנט איז דאָך סוקעס. א גוט-יאָמטעוו דיר, רייזל.

סײַ שלוימע סײַ רייזל האָבן שוין פון אים עטלעכע מאָל גע-הערט: „מיינט ניט, אז איך עוואקויר זיך, כאָלילע. דאָס באגלייט איך ארויס די מישפּאָכע מײַנע". פונדעסטוועגן האָט ער איצט געהאלטן פאר נייטיק נאָכאמאָל צו דערמאָנען וועגן דעם:

— איר מיינט, אז איך עוואקויר זיך? איך וועל דעם סטעפּ ניט פארלאָזן.

מיטאמאָל איז שמועל-כאַיִם געבליבן שטיין און אָנגעכאפּט ריז-מאנען פארן האנט.

— דעם טײַטש פון „לך־לך מארצך וממולדתך" ווייסטו? א, שלוימע?

— כ'ווייס, שמועל-כאַיִם, כ'ווייס.

— אָט דאָס איז עס.

— ניין, שמועל-כאַיִם. „מארצך" האָט ניט קיין שײַכעס צו אונדזערע סאָוועטישע יידן. מיר גייען צײַטווײַליק אוועק פון דער אײַנגעזעסענער היים, אָבער ניט פון אונדזער לאנד. דאָס מוזן מיר וויסן. ווארט א ווײַלע, שמועל-כאַיִם, וואָס זשומעט עס אזוי?

אין לויטערן הימל האָט זיך דערהערט א ווײַטער רויש. דער גאנצער אוילעם איז געבליבן שטיין מיט פאריסענע קעפּ צו דער הייך, מיט צעעפנטע מײַלער. טויט-שטיל איז געוואָרן אפן סטעפּ. און מיטאמאָל האָט דער האמוין א שפּאר געטאָן צוריק. די מענטשן-כוואליעס האָבן אין צעיאָג אָפּגעריסן מוטערס פון קינדער, קינדער פון מוטערס. אייניקע האָבן פון שרעק צוגעדעקט די קעפּ מיט די הענט.

— וווּהין! — האָט איבערן גאַנצן וועג זיך דורכגעטראָגן שלוימעס מעכטיקע שטים, — פּענטעט די פערד און לייגט זיך אונטער די ווענגנער. די קינדער וואָס ווײַטער פון וועג!

דאָס גערויש איז געוואָרן אַלץ נעענטער. אַן אָפּגעהאַקטער רויש פון דײַטשישע אעראָפּלאַנען. ס'זײַנען דורך עטלעכע רעגעס, און די דײַטשישע אעראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן אין דעם איבערפלעכט פון די זון־שטראַלן, זיך באַוויזן און פאַרשוווּנדן. דער אוילעם האָט לײַכטער אָפּגעאָטעמט.

— ניט רירן זיך פון די ערטער! — האָט שלוימע ווידער אויס־געשריִען.

עס זײַנען דורך עטלעכע שטילע מינוט, און ווידער האָט מען דערהערט דעם אָפּגעהאַקטן, דעם שוין באַקאַנטן רויש. אעראָפּלא־נען! מיט אַ ווילדן געוויי האָבן זיי זיך דורכגעטראָגן איבערן וועג און פאַרטויבט דאָס שטעפּן פון זייערע אייגענע קוילנוואַרפערס. שוואַרצע שאָטנס האָבן ווי פליגל זיך צעשפּרייט איבערן וועג, די פליגל פונעם מאַלכאַמאָוועס.

די אעראָפּלאַנען זײַנען שוין פון לאַנג פאַרשוווּנדן, נאָר דער אוילעם איז נאָך אַלץ געלעגן אונטער די ווענגנער. אַרום און אַרום האָבן זיך געהערט קרעכצן פון פאַרוווּנדעטע, ווי ס'וואָלט געקרעכצט אַליין די ערד. קיינער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— יאַנקל, וואָס איז מיט דיר, יאַנקל! ייִדן, ער איז טויט!

דאָס האַרצרײַסנדיקע געשריי פון דער ייִדענע, וואָס האָט גע־וועקט איר טויטן מאַן, האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן פון אונטער די ווענגנער, אָפּגעריסן פון דער ערד, אַף וועלכער מע איז געלעגן ווי צוגעבונדענע. מיט ווילד דערשראָקענע אויגן האָט מען געקוקט אַף די האַרוגים און זיך געוואָרגן מיטן געוויין.

— בעסער וואָלטן מיר געבליבן אין די ייִשוווים, איידער גע־האַרגעט ווערן אין וועג!

— זיי וועלן דאָך אונדז דערטרינקען אין יאַם!

— ייִדן, ווער פאָרט צוריק?

— מעשוגע זײַט איר. זיך לייגן אונטערן כאַלעפּ!

— אַלטער, דו לעבסט, אַלטער! ייִדן, איר האָט ניט געזען מײַן אַלטערן?!

ביזן אויסשיט פון שטערן האָט מען געקליבן די האַרוגים. על־טערע ייִדן האָבן אַף זיך געריסן קריִע און זיך געשטעלט גראָבן קוואָרים. זייערע פאַרהאָרעוועטע הענט, וואָס זײַנען געווען געוווינט

צו גראָבן דעם סטעפּ אַפּ צו פֿאַרפּלאַנצן אים, האָבן איצט געגראָבן קוואָרים פֿאַר זייערע געהאַרגעטע קינדער און ווײַבער. נאָכדעם האָט מען אײַנגעוויקלט די האַרוגים אין ווײַסע לײַלעכער און אינמיטן פֿעלד, אַפֿן וועג צו קערטש, זיי אָפּגעטאָן דאָס רעכט.

בא די פֿרישע פֿאַרשאָטענע קוואָרים איז געשטאַנען שלוימע ריז-מאַן. ער איז געווען ניט צו דערקענען. ס'איז געווען אַ סאַקאָנע אַרײַנצוקוקן אין דעם פֿײַער פֿון זײַנע אויגן.

— אַ פֿײַנער סוקעס, אַ, שלוימע?

נאָך דער לעווײַע האָבן עטלעכע מיניאָנים עלטערע ייִדן זיך געשטעלט דאַווענען דעם יאָמטעווודיקן מײַרעוו. שטילע, ווי שאָטנס, האָבן זיי זיך פֿונעם דאַווענען אומגעקערט צו די וועגענער און, אָפּ-קערנדיק דאָס פּנים פֿון זייערע ווײַבער און קינדער, געזאָגט מיט פֿאַרשטיקטע טרערן אין קאָל:

— אַ גוט-יאָמטעוו. נו, שאַ, נו, שטילער. מע וועט נאָך באַ-ווײַזן זיך אויסוויינען. הײַנט טאָר מען ניט. ס'איז יאָמטעוו, ס'איז סוקעס אַפּ דער וועלט.

אינמיטן כאָלעמויעד איז פּלוצעם געוואָרן קאַלט, ווי ערעוו אַ שניי. מע האָט געמוזט אויפשנײַדן די פּעק און אַרויסנעמען די ווינ-טערדיקע בגאָדים. אַפּ די וועגענער האָט מען אויפגעהויבן די בוידנס. ס'איז אַוועק אַ קאַלטער רעגן.

פֿינף טעג נאָכאַנאַנד האָט געגאָסן דער רעגן אָן אַן אויפהער. דער וועג איז געוואָרן צעשווענקט, דער סטעפּ — קלעפּיק, די מענטשן — טיל-טעל. מע איז אַראָפּ פֿון די וועגענער און זיך געלאָזן צו-פֿוס. ברעקלעך קינדער, באָרוועסע מיט פֿאַרקאַטשעטע הייזלעך, האָבן, טרייסלענדיק זיך פֿון קעלט, געקנאָטן די בלאָטע, ביז זיי האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פֿון די קויכעס. ס'זײַנען צוגע-שטאַנען די פֿערד, און דער רעגן האָט וואָס אַמאָל געגאָסן אַלץ שטאַרקער.

ס'איז אויסגעקומען זיך אָפּשטעלן. די פֿערד האָבן זיך ניט גע-רירט פֿון די ערטער.

שלוימע האָט זיך מעיאַשעוו געווען מיט יויסעף מײַעראָווען.

— עפּשער פּרווון שפּאַנען די קי? — האָט שלוימע געפֿרעגט.

— זיי וועלן ניט דערשלעפּן. זעסט דאָך, אַז זיי פּלאָנטערן קוים-קוים מיט די פֿיס.

— מיר קאָנען פֿאַרשפּעטיקן, יויסעף. דו ווייסט, וואָס דאָס

הייסט. מיר קאָנען פארשפעטיקן, — און שלוימע האָט זיך ווידער אומגעקערט צו די פארזונקענע וועגענער.

— ייִדן, ניטאָ קיין אנדער אויסוועג, ווי אראָפּוואַרפן פון די וועגענער די פּעק, — האָט שלוימע געזאָגט, און ער איז צוגעגאנגען צו גדאליעס פור.

— טאטע, זייַ דו דער ערשטער.

גדאליע, מאָרדכע באסאָוו, שמואל-כאַים קאַט און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן אין דער בלאָטע אראָפּגעוואָרפן פון די וועגענער דאָס האָב-און-גוטס. דער איבעריקער אוילעם איז געשטאַנען — ניט פון די ערטער.

— די זאכן זייַנען בא אַייַך טייַערער פונעם לעבן? — האָט שלוי-מע צו זיי אויסגעשריִען.

— וווהין וועלן מיר זיך לאָזן אָן א העמד אפן לייַב? ס'גייט צו ווינטער, — זייַנען אים פון אלע זייַטן באפאלן די ווייַבער.

— ווער ווייסט, וווהין דער אומגליק קען אונדז נאָך פארטרייַבן.

— פארוואָס האָט מען אונדז ניט עוואקויִרט, ווען עס זייַנען נאָך געגאנגען די באנען?

— וווהין? צום דייַטש אין די הענט? — האָט מאָרדכע אלעמען איבערגעשריִען. — איר ווייסט, דאכט זיך, גאנץ גוט, אז דער דייַטש האָט אין די ערשטע פּאָר וואָכן פארכאפּט סינעלניקאָווע און אונדז אָפּגעשניטן פון דער יאבאָשע. וווהין האָבן מיר געקענט פאָרן מיטן באן? א? קיין סינעלניקאָווע? צום דייַטש אין די הענט? איר ווייסט, וואָס איר רעדט?!

— איידער שטארבן פון הונגער און קעלט, שוין גלייַכער דער-הארגעט ווערן.

— ייִדן! ווער פאָרט מיט מיר צוריק? — און אן עלטערער פויער האָט אויסגעקערעוועט דעם וואָגן מיטן דישל צום סטעפּ.

— איר זייַט באַם זינען? — האָט שמואל-כאַים זיך צו אים א לאָז געטאָן.

— און שטארבן אונטערוועגס איז בעסער?! מע קען דען צוזען דעם צאר פון די אייפעלעך? ייִדן, לאָמיר פאָרן צוריק!

עטלעכע פורן זייַנען ארויף אפן סטעפּ, און ס'איז שוין, דאכט זיך, ניט געווען די קראפט, וואָס זאָל זיי קענען אייַנהאלטן. נאָך עטלעכע מינוט, און צו זיי וואָלטן זיך פארייניקט הונדערטער מיש-פּאָכעס. נאָר דאָ האָט מען דערזען, ווי שלוימע דיזמאַן האָט אויס-געשפּאנט די פערד פון דעם טאטנס וואָגן און זיי אייַנגעשפּאנט אין

א וואָגן, אפֿ וועלכן עס זיינען געזעסן קינדער און אלטע לייט. קיינער האָט בא אים ניט געפֿרעגט צוליב וואָס ער טוט עס. ווען ער האָט שוין געהאלטן אין אויסשפּאנען די פֿערד פֿון דער אנדערער פֿור, האָט ער באמערקט, אז דאָס זעלבע טוען שמועל-כאַים, מאָרדכע באסאָוו, דער טאטע זיינער, גדאליע, רייזע מענוכינס פֿאָטער, און וואָס א מינוט פֿארייניקן זיך צו זיי אלץ מער און מער מענטשן.

— מאָרדכע, — האָט שלוימע זיך אָנגערופֿן צום ברייטפּלייציקן און עטוואָס איינגעהויקערטן באסאָוון, — איר געדענקט, וואָס איר האָט מיר געזאָגט, בייס איך האָב אייך געטראָפֿן באַם פֿארהאקן די טיר פֿון אייער קעלער?

— אוודע געדענק איך.

— איר האָט מיר דעמלט געזאָגט, אז איר ווייסט גוט די מידעס פֿון א גאזלען. דער דייטש, כאווער באסאָוו, איז ערגער פֿון א כייע.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט צום סטעפּ, איבער וועלכן עס האָבן זיך געשלעפּט צוריק אין יישעוו עטלעכע וועגענער.

— דאָס זיינען שוין מייסים! בלייבן מיר דאָ שטיין נאָך איין טאָג, וועלן זיך קימאט אלע צוריקקערן. ביז קערטש איז נאָך וויַט, און ס׳איז ניטאָ קיין האָפֿענונג, אז די אלטע לייט און מאמעס מיט קינדער אפֿ די הענט וועלן דערגיין ביז קערטש. עפּשער זיי איבערלאָזן אזוי?

— כאָלילע!

— איז וואָס טוט מען?

— פֿיר פֿערד אין א וואָגן וועלן דערשלעפּן?

— און די אויסגעשפּאנטע וועגענער?

— מיר וועלן זיך איינשפּאנען, מאָרדכע!

ווער נאָר עס האָט געפֿילט אין זיך עפּעס קויעך, דער האָט זיך איינגעשפּאנט אין די וועגענער, און מע האָט זיך ווידער געלאָזן אין וועג, אין לאנגן וואנדער-וועג.

אין קערטש איז געווען ניט ארייַנצוקומען. די גאנצע שטאָט האָט געווימלט מיט מענטשן. די גאסן און די פֿאָרשטאָט זיינען געווען צו ענג פֿאר די וועגענער, מאַשינען און סטאדעס פֿי. אינדערלופֿטן איז געשטאנען א געיאָמער פֿון די מענטשן און א מרוקען פֿון די טשערעדעס ניט-געמאָלקענע בעהיימעס. אלע האָבן ווי בא ערדציטערניש זיך געפֿונען אונטערן אָפֿענעם הימל. אפֿן יאם האָט געבושעוועט א שטורעם. ער האָט ווי שפּענדלעך געשליַדערט די שיפֿן און באר-

זשעס און זיי ניט דערלאָזן צום ברעג, ווו קאָפּ אַף קאָפּ זײַנען אונטערן אָפּענעם הימל געלעגן טויזנטער מענטשן.

די טעג, וואָס מע איז געווען אין קערטש, האָט שלומיע ריז-מאַן זיך אַפילו ניט צוגעזעצט. טאָג און נאַכט געווען אין באַוועגונג. ער האָט דערגרייכט צום העכסטן גראַד, וואָס רופט זיך איבערמענטש-לעכע אָנשטרענגונג. אומעטום איז ער געווען פול. באַזאָרגט די קינ-דער מיט שפּײַז, די שלאָפע מיט רעפּועס, די געפאַלענע באַ זיך מיט א וואָרט פון טרייסט און ביטאָכן.

ניט גערוט האָט אין די טעג יויסעף מײַעראָוו. צוזאַמען מיט שיִע ליבמאַנען און רייזל מענוכין האָט ער עוואַקויִרט דאָס פּי, ווען דער שטורעם האָט געשלײַדערט פון די פיס.

אַפן פערטן טאָג האָט דער יאַם זיך אײַנגעשטילט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע.

5

די, וואָס זײַנען פאַרבליבן אין די יִישוּווים, האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז די שרעקלעכע מאַגײפע וועט אויסמײַדן די שוועל פון זייער היים. מע וועט אָפּטרײַבן דעם דײַטש! עס מוז געשען דער נעס! ווען ניט אָט די האָפענונג, וואָלט מען אַראָפּ פון זינען. פאַר די לעצטע פאָר וואָכן איז מען געוואָרן גרוי און אַלט. אַזאַ עלנט! אַזאַ איינזאַמקײַט! צו דרײַ, פיר מישפּאָכעס איז מען פאַרבליבן אַף א גאַנצן יִישעוו, און די נעכט זײַנען אַזעלכע לאַנגע, פינצטערע. גיט א בלאָז שטאַרקער דער ווינט, דוכט זיך אויס, אַז דאָס גייען שוין די קוילערס. עפּנט זיך ערגעץ א טיר, פאַלט אײַן די נעשאָמע. קוים וואָס מע דערציט ביז טאָג. און אַז עס קומט דער טאָג, שלעפּט מען זיך אום, ווי די שאָטנס, איבער די אויסגעשטאָרבענע גאַסן פון יִישעוו און מע רעדט מיט זיך אַליין.

אַזוי גייען דורך די טעג מיט די נעכט, און וואָס א טאָג, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די געפאַר. דער פײַנט איז שוין געווען אין מעליטאָפּאָל, אין אַלעקסייעווקע און זיך דערנענטערט צום שמאָלן ערד-פּאַס, וואָס פאַרייניקט קרים מיט דער אָקופּירטער אוקראַיִנע. דער הימל אַף יענער זײַט סיוואַש איז טאָג און נאַכט געווען אין פלאַמען. גאַנצע דערפער זײַנען אַוועק מיטן פײַער. די דײַטשישע אַרמיי האָט ווי אַן אָפּגאָט געטראָגן מיט זיך דאָס פײַער איבער אַלע שליאַכן און וועגן. פונעם געדיכטן רויך איז דאָס וואַסער אין סי-וואַש געוואָרן שוואַרץ און ווי הרודעס איבערגעבראָכענע שטיינקוילן

האָבן אויסגעזען די בערג זאַלץ בײַ די נידעריקע ברעגן פֿון דער אָזערע. שײַנען, ווײַסע, ווי די שטראַלן פֿון דער זון האָבן זיך ניט געקענט דערקלײַבן צו דער ערד, ווײַל פֿאַרוואָלקנט איז געווען דער הימל פֿון די סטאַדעס פֿויגלען, וואָס די סרייפּעס האָבן זיי פֿאַרטריבן פֿון די אונטערגעצונדענע וועלדער. פֿון די ברענענדיקע דערפֿער און כוטאָרס האָבן מיט א ווילדן געלאַף זיך געטראָגן טאַבונעס פֿערד, טשערעדעס קי און שעפּסן. זיי זײַנען געלאָפֿן צום קרימער סטעפּ, ווי מע לויפֿט פֿון ערדציטערניש.

די רעפּובליקאַנישע הויפּט-שטאָט איז געווען פֿאַרפּלייצט מיט פּליטים פֿון גאַנצ טאַווריע און מיט ייִדן פֿון די ווײַטצאַרוואָרפֿענע יישובֿים און סטאַנציעס. דער קרימער האַלב-אינדזל איז געוואָרן אַן אינדזל. דער דײַטש האָט אָפּגעשניטן אַלע וועגן, אויפֿגעריסן די בריקן, צעבאָמבירט די סטאַנציעס. פֿאַרשלאָסן זײַנען געוואָרן אַלע אַרויספֿאָרן.

איין שטיקל האָפֿענונג איז געווען — קערטש. עפּשער וועט מען פֿון דאָרט באַווײַזן זיך דערקלײַבן צו א זיכערן ברעג, און ווידער איז דער וועג אַף קערטש געווען פֿול מיט וואַנדערער. אײַנגעהויקערטע, מיט קלומיקלעך אַף די פּלייצעס, מיט ברעקלעך קינדער אַף די הענט האָט מען זיך געשלעפּט צופֿוס איבערן בלאָטיקן סטעפּ. גייענדיק מיטן וועג איז געווען א סאַקאָנע. ביז סאַמע קערטש איז דער וועג געווען פֿאַרוואַלגערט מיט געפֿאַלענע פֿערד און קי, מיט אָפּגעשפּרונגענע רעדער, צעבראָכענע מאַשינעס, קינדערשע שפּילכלעך און פֿאַרזונקענע מאָזשאַרעס. קימאַט אַף יעדן קער פֿון וועג — פֿרישע קוואָרים.

שלוימע ריזמאַן איז נאָך אַלץ געזעסן אין קערטש. די ערשטע שיפֿן און באַרזשעס האָבן ניט אַלעמען פֿאַרנומען. האַלב מענטשן זײַנען פֿאַרבליבן, און צווישן זיי אויך רייזל מענוכין און דער טאַטע זײַנער, געדאַליע. צי דען וועלן שוין מער ניט זײַן קיין שיפֿן? באַלד צוויי וואָכן, אַז צוזאַמען מיט אַלעמען וואַלגערט ער זיך אַפֿן ברעג פֿון יאַם און היט די ווײַט. עפּשער וועט זיך פֿאָרט באַווײַזן א שנײַרעלע רויך פֿון א שיף. ער טאָר זיך פֿונדאַנען ניט רירן, ביז וואַנען ער וועט ניט אַרויספֿירן אַלע מענטשן, און יעדן טאָג זײַנען צוגעקומען אַלץ נײַע און נײַע פּליטים.

— ייִדן, — האָט ריזמאַן זיך אָנגערופֿן צו זײַנע לאַנדסלײַט און צו די פֿון אַנדערע ראַיאָנען פֿאַרשפּעטיקטע פּליטים, וואָס זײַנען קאָפּ-אַף-קאָפּ געלעגן אַפֿן ברעג יאַם, — וואָס וועט איר דאָ אויסליגן? קלײַבט זיך דערווײַל איבער אין שטאָט.

די מענטשן האָבן אַף אים אויסגעגלאָצט די אויגן.

— האַ? וואָס? ניטאָ שוין אַף וואָס צו וואַרטן, האַ?

שלוימע האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

— וואָס שווייַגט איר? — האָט מען צו אים געשריִען פון אַלע זייַטן.

— וואָס קאָן איך אייַך ענטפערן? — האָט שלוימע צו זיי געזאָגט. — די לאַגע איז אַן ערנסטע. זייער אַן ערנסטע. נאָר אַראָפּפאַלן בא זיך טאָר מען ניט. מיר וועלן אַלעמען עוואַקויִרן.

— מיט וואָס?

— מיט שיפן. עס וועלן נאָך זייַן שיפן. עס מוזן זייַן. דערוויַיל קלייַבט זיך איבער אין שטאָט. וואָס וועט איר זיך דאָ וואַלגערן אַפן ברעג!

דער אוילעם איז זיך צעגאַנגען איבער די הייַזער. דאָס ערשטע מאָל פאַר אַזויפיל טעג האָט מען זיך געלייגט שלאָפן אונטער אַ דאַך.

און אינמיטן דער נאַכט, ווען די גאַנצע שטאָט איז געווען אָנגעטאָן אין כווישעך, האָט פּלוצעם אַ פליִיץ געטאָן פון דער הייך אַ העלע שייַן, דייַטשישע לויכט-ראַקעטעס האָבן אויסגעברענט אין שוואַרצן הימל טיפע לעכער, און אַף די גאַסן פון שטאָט איז געוואָרן קאַלט און ליכטיק, כאָטש קלייַב נאָדלען. די לויכט-ראַקעטעס זייַנען געהאַנגען צווישן דעם שוואַרצן הימל און דער ווייַסער ערד, ס'האָט זיך געדוכט, אַז די שטיינער פון ברוק, די נאַקעטע צווייַגן פון די ביימער בליצן מיט פאָספאָר-שייַן. די סאָפּכוידעשדיקע נאַכט האָט זיך צעשפּאָלטן אַפּצווייען. אין שטאָט איז זי געווען שרעקלעך העל, און גרויזאַם שוואַרץ איז געווען דער יאַם.

ווי דולע האָבן פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט די מענטשן. האַלב נאַקעטע, באָרוועסע, מיט שלאָפנדיקע קינדער אַף די הענט זייַנען זיי אַרויסגעשפּרונגען פון די הייַזער און געבליבן שטיין געפּלעפּטע. ווו באַהאַלט מען זיך אויס פון אָט דער שרעקלעכער ליכט? ערגעץ טיף צווישן די ראַקעטעס האָבן געזשומט דייַטשישע אַעראָפּלאַנען. די מענטשן האָבן אַרייַנגעצויגן די קעפּ אין די אַקסלען. יעדער רעגע האָט מען זיך געקענט ריכטן אַף באָמבעס.

— וווּהין לאָזט מען זיך? וווּהין לויפט מען? — האָט איינער באַם אַנדערן געפרעגט.

— צום יאַם! — האָט זיך דערהערט שיִע ליבמאַנס שטים, — דאָרט איז פינצטער!

א שטאָט מיט מענטשן האָט זיך א לאָז געטאָן אהין, ווו ס'איז געווען נאכט. מע איז אנטלאָפן פון דער דולמאכנדיקער ליכט, ווי מע אנטלויפט פון דעם גרעסטן אומגליק.

ווען אין שטאָט האָט זיך צוריק אומגעקערט די שטילקייט, און דער געדיכטער כווישעך האָט ווידער אראָפּגעגלידערט אפ דער ערד, האָט א שארפע בלענדנדיקע ליכט פארגאָסן דעם יאם. אין די זילבערנע פאלדן פון וואסער האָט זיך געוויגט דער אָפּשיין פון דייטשישע ליכט-ראקעטעס. דער אוילעם האָט זיך א ריס געטאָן צוריק אין שטאָט.

שיִע ליבמאן איז געבליבן אפן ברעג. בלויז איין מאָל האָט ער ארויסגעוויזן שרעק. מער וועט ער ניט לויפן. שלוימע ריזמאן איז אויך ניט געלאָפן. ער איז געבליבן אין שטאָט. מע דארף ארויסרייסן פון זיך די שרעק, ס'זאָל קיין זייכער ניט בלייבן.

— איידער אזא לעבן, איז שוין גלייכער דער טויט! — און צוזאמען מיטן געשריי האָט שיִע ליבמאן דערהערט א פליעסק. אפן העל-באלויכטענעם וואסער זיינען געשוואומען צוויי קעפ.

ס'איז ניט דורך קיין רעגע, און שיִע ליבמאן איז שוין געווען לעבן זיי. דאָס קאלטע וואסער האָט אים געשלעפט צום גרונט, און ער האָט זיך געריסן צום קינד, וואָס האָט מיט די פארגליווערטע הענטלעך ארומגעכאפט דער מאמעס האלדז.

מיט גרויס מאטערניש, ווי ס'וואָלט דער יאם אים ניט געוואָלט ארויסלאָזן, האָט שיִע ליבמאן זיך קוים דערקליבן צום ברעג. פון דער הייך זיינען געפאלן אפ דער שטאָט שווערע באָמבעס, נאָר שיִע האָט זיך ניט געבויגן. א ווּקסיקער, א ברייטפלייציקער, מיט א קינד אפ די הענט, האָט ער געשפאנט איבער די גאסן, און מענטשן האָבן אים אָפּגעטראָטן דעם וועג. די אויגן באם קינד זיינען געווען ברייט צעעפנט, ווי עס וואָלט נאָך אלץ געזוכט די מאמען, וועלכע איז אוועק צום גרונט.

— אז וויל איז צו איר, — האָט שיִע הינטער זיך דערהערט א געוויין פון פרויען, — זי איז שוין אירס איבערגעקומען.

— איידער ארייַנפאלן צום דייטש אין די הענט, שוין בעסער לעבעדיקערהייט אין וואסער.

שיִע האָט זיך אומגעקוקט. זיין פּאָנעם איז געווען ווי אויסגעהאקט פון שטיין.

— אָט דאָס איז דער אויסוועג? זיך ווארפן אין וואסער? — און

אלע זײַנען פֿאַרציטערט געוואָרן פֿון זײַן שטים. — אויב שטאַרבן, איז שטאַרבן ווי מענטשן, מיט א האַק אין דער האַנט.

ער האָט צוגעדריקט צו זיך דאָס געראַטעוועטע קינד און מיט א פֿאַרשטיקט קאָל געזאָגט:

— קום, מײַן קינד, צו שלוימע ריזמאַנען. ער וועט זײַן דײַן באַשיצער, דײַן טאַטע! ער וועט דיך אַרויספֿירן פֿון אונטערן כאַלעפּ!

א גרויסע איידע ייִדן איז נאָכגעגאַנגען שיִע ליבמאַנען. אויב ניט אַף קובאַן, האָט דער וועג פֿון קערטש איצט געפֿירט בלויז צו שלוימע ריזמאַנען. אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען אָנגעקומען די לאַנג דערוואַרטע שיפֿן און באַרזשעס, און שלוימע ריזמאַן איז ווידער געוואָרן א טרעגער. ער האָט אַף זײַנע פּלייצעס איבערגעטראָגן צו די שיפֿן די קליינע קינדער און די קראַנקע, שוועדע פּעק און קערב, און מיט יעדן איינעם באַזונדער האָט ער זיך געזעגנט. מע האָט זיך מיט אים געקושט, ווי מיט אַן אייגענעם זון.

אַז ס'איז געקומען צו געזעגענען זיך מיטן טאַטן, האָט גדאַליע אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַן אויסגעוואַרעמטן הויפֿן קערנער און געוויזן דעם זון זײַנעם:

— באַם פֿאַרלאָזן ירושלים, — האָט ער געזאָגט צו שלוימען, — האָבן ייִדן מיטגענומען מיט זיך אין גאָלעס טאָרבעלעך ערד, א זייכער פֿונעם לאַנד און פֿון דער ערד, פֿון וועלכער מע האָט זיי פֿאַרטריבן. מיר, שלוימע, גייען דאָך ניט אין גאָלעס. מיר זײַנען דאָך פֿאָרט בא זיך אין לאַנד. נאָר אָט די קערנער, שלוימע, נעם איך מיט זיך, ווי א זייכער פֿון אונדזער גליק, און איך וועל די זעלבע קערנער ברענגען צוריק. איך וועל נאָך מיט זיי פֿאַרזייען דעם סטעפּ.

— און דעמלט, טאַטע, — האָט שלוימע אַף א קאָל זיך אָנגערופֿן צו גדאַליען, ס'זאָלן אַלע הערן, — וועלן מיר פּראַווען אונדזער כאַסענע. ס'וועט זײַן די ערשטע כאַסענע אַף אונדזער סטעפּ!

אין אַלעמענס אָנוועזנהייט האָט שלוימע שטאַרק, שטאַרק צוגעדריקט צו זיך רייזלען, וועלכע איז געשטאַנען מיטן געראַטעוועטן קינד אַף די הענט.

— דײַן טאַטע, — האָט שלוימע זיך געווענדט צום קינד, ווי צו א דערוואַקסענעם, — האָט מיט זײַנע אייגענע הענט געבויט אין סטעפּ א היים. א שטענדיקע היים האָט ער געבויט פֿאַר זיך, פֿאַר דיר.

איז פאָר געזונט, מײַן קינד, און קום בעשאָלעם צוריק, צו זיך אפֿן סטעפּ. צו זיך אינ שטוב. ביסט א געזעצלעכער יורעש אפֿנ קרימער סטעפּ, — און שלוימע ריזמאַנ האָט ווי דאָס סאמע טײַערסטע אינ לעבנ ארופֿגעטראָגנ אפֿ דער שיפֿ דאָס קינד.

...אײנציקווײַז זײַנען אָפּגעגאַנגענ אינ יאַם די שיפֿן, די קא-טערס, די באַרזשעס. אפֿ די אויבער־דעקנ, בא די טירנ און פֿענצ-טער זײַנען קאָפּ־אפֿ־קאָפּ געשטאַנענ די אָפּפֿאָרנדיקע און לאַנג גע-קוקט צום הויכנ ברעג, אפֿ וועלכנ ס'זײַנען, ווי שלאַכטלײַט אפֿ דער וואַך, געשטאַנענ די, וואָס זײַנען צוזאַמענ מיט שלוימע ריזמאַנען געבליבנ אופֿמאָנענ באַם סוינע פֿאַר די רויִנירטע ייִשוווים, פֿאַר די פֿרישע קוואָרים אפֿנ וועג, פֿאַרנ איבערגעריסענעם מענטשלעכנ גליק.

6

— און טויהו־וואָוויהו איז געוואָרנ פֿונ דער ערד, און עס זײַנען פֿאַרשניטנ געוואָרנ אַלע באַשעפֿענישן — פֿונ א מענטשנ ביז א פֿויגל פֿונ הימל; געבליבנ איז בלויז נויעך און די, וואָס מיט אים אינ דער טײיווע. און עס האָט זיך געשטאַרקט דאָס וואַסער הונדערט און פֿופֿציק טאָג, א גאַנצע וועלט איז אונטערגעגאַנגענ, ווײַל מענטשנ האָבנ פֿאַרדאָרבנ זייער וועג אפֿנ פּאָנעם פֿונ דער ערד...

— זיידע, און פֿאַר וועלכע זינד האָט מען אונדז געלאָזט מיטנ וואַסער?

— האַ? מיטנ וואַסער, זאָגסטו? ניין, מײַן קינד. ניט מיטנ וואַ-סער, נאָר מיט בלוט. א מאַבל פֿונ בלוט איז איצט אפֿ דער וועלט.

רייזל מענוכינ האָט דערקענט דעם זאָקנ, וואָס זי האָט צוזאַמענ מיט שלוימענ אים געטראָפֿנ אינ איינעם א ווײַטלעכנ ייִשעוו. ער איז דעמלט געשטאַנענ אָנגעשפּאַרט אפֿ א שטעקנ, צוגעקוקט ווי די פּויערים און פּויערטעס טראָגנ צונויף אינעם קאָלווירטישנ קלוב זייער צירונג און דערבײַ גערעדט צו זיך אליינ: „אזוי האָט מען אמאָל געטראָגנ דאָס גאָלד און זילבער באַם בויענ דעם בייסהאַמיקדעש"...

איצט איז דער גרײַז־גראָער זאָקנ געזעסנ אפֿ דער שיפֿ צווישנ די אָנגעוואָרפֿענע פּעק און קלומקעס און באַרויִקט די ארומיקע.

— ביטאָכנ. דאָס איז איצט דער איקער. ביטאָכנ, ייִדנ. מיר טאָרנ בא זיך ניט אראָפּפֿאַלנ.

דערזענ רייזלען, האָט ער זיך אופֿגעהויבנ און אַלע זאָלנ הערנ, געזאָגט צו איר אפֿ א קאָל:

— כ'האָב געהערט, אז איצטער ביסטו בא אונדז אָנשטאָט שלוימען. איז גיב איבער ביכאָל טפוצעס האגוילע, אפ אלע שיפנ אונ בארזשעס, וואָס זײַנען צעשפרייט אונ צעזייט מיט אונדזערע אכיינו בנײ ייִסראָעל, — ביטאָכנ!

— נו, אונ איר, ייִדע? איר האָט דעם ביטאָכנ? — האָט רייזל בא אים געפרעגט.

דער זאָקנ האָט א קוק געטאָנ אפ איר מיט זײַנע קינדערשע פארבענקטע אויגנ אונ זיך צוריק אוועקגעזעצט צווישנ די אָנגעוואָרפענע פעק:

— א שײַלע! אָנ ביטאָכנ וואָלט איך זיך דענ געלאָזט אינ אזא וועג? ס'איז פאר מײַנע קויכעס?! כ'האָב שוינ אזוינע אייניקלעך ווי דו.

— אונ אווו זײַנען זיי אצינד? — האָט עמעצער בא אים א פרעג געטאָנ.

— דאָרט, ווו א ייִד דארפ זײַנ. אפ דער מילכאָמע.

רייזל מענוכינ, די געוועזענע פאָרזיצערנ פונ דאָרפ-סאָוועט, האָט שלוימע ריזמאנ באשטימט פארנ עלטסטנ איבערנ עוואקוירטנ ייִדישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ, וואָס האָט זיך פונ סטעפ אריבערגעקליבנ אפנ וואסער. בא איר, בא רייזלען, — האָט שלוימע געזאָגט, — וועט מענ פאָדערנ א כעזשבנ פאר יעדער מענטשלעך לעבנ, פאר יעדער שאָפ אונ רינד, אונ דאָרט, אינ דער נײַער אומבאקאנטער היים, זאָל זי ווי דעם שווארצאפל פונ אויג אויסהיטנ דעם נאָמענ פונעם ראיאָנ. קיינ פלעק זאָל אפ אים ניט פאלנ. אומגעהייער שווער איז די לאסט. נאָר זי וועט אויסהאלטנ. זי מוז אויסהאלטנ, ווײַל די צײַט איז אזא!

פאר אירע אויגנ איז געשטאנענ שלוימע ריזמאנ. זי האָט זיך באמיט אינ אלץ אים נאָכטאָנ אונ דערבײַ געדענקט — קיינ סימענ פונ מידקײַט אונ ספייקעס זאָל מענ ניט באמערקנ אפ איר פּאָנעם. די גאנצע צײַט האָט זי זיך געפונענ אינ סאמע געדיכטעניש פונעם אוילעם אונ יעטווידער שאָ געוואָר געוואָרנ דאָס קינד, וואָס זי האָט אָנגעטרויט שיִע ליבמאנס פרוי כיענע. מיט יעדנ טאָג זײַנענ אירע באוועגונגענ געוואָרנ דרייסטער, ענערגישער, אונ איר מונטער, זיכער קאָל האָט אָפטמאָל דערמאָנט אָנ שלוימענ. יעדער איינער אפנ שיפ איז געווענ גרייט אָפּטרעטנ איר דאָס אָרט. מע האָט זיך בא איר געבעטנ:

— רייזל, וואָלסט זיך כאָטש אפ א פּאָר שאָ צוגעלייגט. מע קאָנ דאָך אזוי פאלנ פונ די פיס.

— איך בינ ניט מיד, — האָט זי געענטפערט אונ זיך געלאָזנ גייג איבער די קאיוטעס. ס'האָט זיך איר דערבײַ געדוכט, אז זי גייט אומ

איבער די יישווים פון דאָרף-סאָוועט. יעדער שיפ איז א דאָרף-סאָ-וועט און אלע צוזאמענ — דער יידישער נאציאָנאלער ראיאָן, וואָס האָט פון סטעפ זיך אריבערגעקליבן אפן וואסער.

און אפ די שיפן איז געווען א פוס ניט צו שטעלן. די און-טערדעקן, די טרעפ, די שטיינקוילן-קאמערן, — אלץ איז געווען בא-לאגערט און פארנומען מיט מענטשן און פעק. אנ ענגשאפט — דעם אָטעם ניט צו כאפן, און קיינער האָט זיך ניט באקלאָגט, צו קיינעם ניט געהאט קיין טענעס. דאָס ערשטע מאָל אינ איר לעבן קומט איר אויס זען אזויפיל פארזאמלטע יידן און ווייבער זאָלן זיצן און שווייגן. די פערטע נאכט, אז מע געפינט זיך אינ אָפענעם יאם, און ס'האָט זיך נאָך אלץ ניט געוואָלט גלייבן, אז מע איז ניט אפ דער הארטער ערד, נאָר אפן וואסער. די גרויסע בענקשאפט נאָך דער היים, נאָכן סטעפ איז בא אלעמען געווען אויסגעגאָסן אפ די פענעמער. פון וואָס מע זאָל ניט אָנהייבן ריידן, איז מען אומבאמערקטערהייט באלד אריבערגעגאנגען צו דער ערד, וואָס איז געבליבן אפ יענער זייט האָריזאָנט. ווייט איז איצט דער סטעפ, נאָר דעם אראָמאט פון דער ערד פילט יעדער איינער אינ זיך. מע אָטעמט מיט דעם.

מיט גרויס מאטערניש האָט רייזע מענוכינ זיך דערקליבן אפן אויבערדעק. ס'איז שוינ געווען שפעטע נאכט, און זי איז אלץ גע-שטאנען איבערגעבויגן איבערן פארענטש און געקוקט, ווי עס לויפן צוריק די כוואליעס, לויפן צו דער ווייטער, פארלאָרענער היים. דאָרט איז איצט שלוימע... שטיל האָבן געדרישט די כוואליעס. פון צייט צו צייט איז פון הינטער די וואָלקנס ארויסגעשווומען א פערטל לע-וואָנע און באלויכטן דעם איינגעשטילטן יאם, די מענטשן אפן אוי-בערדעק. זעלטן ווער ס'איז געשלאָפן. אייַנגעוויקלט אינ קאָלדרעס, אינ פעלצלעך, זיינען די פויערים געלעגן אפן אויבערדעק, און די לעוואָנע האָט באלויכטן זייערע לאנג ניט געוואשענע פענעמער. אינ דער שטילקייט פון דער נאכט האָט פון מאָל צו מאָל זיך געלאָזט הערן א שווערער זיפץ, אנ „אוי", וואָס פארכאפט באם הארצן. לענגויסי דעם פארענטש זיינען געשטאנען עטלעכע עלטערע יידן. רייזל האָט געהערט זייער שטיל געשפרעך:

— צוויי קינדער האָב איך איבערגעלאָזן אפ יענער זייט יאם. כ'האָב זיי אָנגעטרויט שלוימען, און גאָט ווייסט, צי מיר וועלן זיך שוינ זען...

— מיינ בענטשיק איז אויך דאָרט, בא שלוימען, — האָט א צוויי-טער זיך אָנגערופן, — „טאטע, האָט ער צו מיר געזאָגט באם געזעגע-

נען זיך, וואָס פֿאַר א גרעסערן קיבעד-אָוו קאָן זיך ווינטשן א פֿאָטער, ווי דער, וועלכן דו האָסט בא מיר? דײַן זון, טאטע, וועט שלאָגן דעם דײַטש. וואָס פֿאַר א גרעסערן קיבעד-אָוו ווילסטו נאָך?!"

— ער איז אוואדע גערעכט, אײַער בענטשיק, — האָט א דריטער ייִד זיך ארײַנגעמישט. — וואָלט איך נאָר געווען א ביסל ייִנגער, וואָלט איך אויך געבליבן דאָרט. אוי, ציט אהין...

— הערט איר, ייִדן. מיר טאָרן ניט זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט. איך, דעהײַנע, ווי נאָר איך קום אפֿן נײַעם אָרט, אזוי שטעל איך זיך באלד צו דער ארבעט.

— אוואדע דאַרף מען זיך שטעלן צו דער ארבעט. ס'טאָר פֿאַר אונדז גאָרנישט ניט זײַן צו שווער.

— לייזער, — האָט פֿון צווישן די פּעק זיך דערהערט א ווײַבערש קאָל, — עפּשער וואָלט שוין גענומען אן עק. וועסט נאָך באוויַזן זיך אָנריידן. גיי לייג זיך שלאָפֿן. די קינדער רופֿן דיך!

שטיל איז געוואָרן אפֿ דער שיף. דער שלאָף האָט בײַגעקומען די מענטשן. איניכן וועט שוין אָנהייבן טאָגן, נאָר מענוכין איז נאָך אלץ געשטאנען איבערגעבויגן איבערן פּארענטש און געקוקט, ווי עס קײַקלען זיך די כוואַליעס צו דער ווײַטער, פֿארלאָזענער היים...

זי איז צופֿרידן, וואָס לעבן איר איז איצט קיינער ניטאָ. זי דאַרף פֿון קיינעם ניט אויסבאהאלטן די טרערן, וואָס טריפֿן פֿון אירע אויגן צו די כוואליעס אין יאם.

— ליבער, טײַערער שלוימע!

ווו קאָן ער איצט זײַן? אפֿ די ייִשווים, צי אין שטאָט? אפֿילע קיין בריוו וועט זי ניט קענען פֿון אים באקומען. זי האָט אזוי געוואָלט בלײַבן. קימאט מיט געוואלט האָט שלוימע זי ארײַנגעזעצט אין שיף. זי געדענקט יעדעס וואָרט זײַנס:

— אפֿ צוויי שלאכט-פֿראָנטן האָט אונדז געשיקט דאָס לאנד. איך בלײַב דאָ זיך שלאָגן פֿאַר דער ערד, וועלכע מיר האָבן באגאָסן מיט אונדזער בלוטיקן שוויס, און אפֿ דיר, כאווערטע מענוכין (אזוי האָט ער זי דעמלט אָנגערופֿן), איז געפֿאלן דער גוירל ארויספֿירן פֿון אונטערן כאלעף די מענטשן פֿונעם ייִדישן נאציאָנאלן ראיאָן, באזעצן זיי אפֿן נײַעם אָרט און פֿון דאָרט ברענגען זיי צוריק אהיים. דו ביסט איצט א קאָמאנדיר, כאווערטע מענוכין, און א קאָמאנדיר דאַרף זיך געפֿינען צווישן זײַנע סאָלדאטן.

גרויס, אומגעהייער גרויס איז די אכרײַעס, וואָס איז אפֿ איר ארויסגעפֿאלן. אזא פֿאראנטוואָרטלעכקײַט!

אומגעריכט האָט זיך צעקרייט א האָן, וואָס עמעצער פון די פויערים האָט מיט זיך פארכאפט אף דער שיף, און דער קריי האָט איצט אזוי דערמאָנט אָן דער היים...

רייזע האָט זיך אָפגעריסן פונעם פארענטש און קוים-קוים זיך דערקליבן צו די טרעפ, וואָס האָבן געפירט צום אונטערדעק. או-מעטום איז געווען פינצטער, כוישעך, און דאָ האָט זי דערזען א באלויכטענעם ווינקל. בא דער האלב-טונקעלער שיין פון א וואקסע-נער ליכט האָט זי געטראָפן קימאט אלע פּאָרזיצערס פון די קאָל-ווירטן, בריגאדירן, און צווישן זיי שלוימע ריזמאנס טאטע, געדאליע. ער איז געשטאנען אויסגעגלייכט און איבערגעשאָטן פון אייגן האנט אין דער אנדערער א הויפן קערנער. א מאָדנעם איינדרוק האָבן אף איר געמאכט די פּאָרזיצערס. זיי האָבן גערעדט וועגן פארזיי, וועגן איינקלייבן דאָס ברויט, פונקט מע וואָלט זיך איצט געפונען ניט אף א שיף, נאָר אף א קאָלווירטישער פארזאמלונג אין ייִשעוו. מער פון אלעמען האָט געטיינעט געדאליע. ער איז שוין קימאט געווען היי-זעריק. אפּאָנעם, אז דאָס געשפּרעך האָט זיך שוין דאָ געצויגן א גאנצע היפּשע צייט.

— רעב געדאליע, — האָט מאָרדכע באסאָוו אים איבערגעשלאָגן, — וואָס מיינט איר, אז אומעטום איז אייך קרימ?

נאָר געדאליע האָט זיך ניט אונטערגעגעבן:

— פופצן יאָר האָב איך געזייט די פעלדער? נו, איז וויל איך היינטיקס יאָר אויך זייען, און כ'וועל זייען. ווידען? לאָזן פוסטע-ווען די ערד?

— סארא מאָדנער מענטש איר זייט, — האָט איינער פון די פּאָרזיצערס, א מיטלוווקסיקער ייִד מיט געדיכטע אָנגעכמורעטע ברעמען זיך צו אים געווענדט. — לאָמיר כאָטש וויסן, וווהין פאָרן מיר? קיין קרימ צי פון קרימ? איר ווייסט דען ניט, אז אין צאָפן, וווהין מיר פאָרן, קאָן שוין ליגן א שניי ביז איבערן גארטל.

— נו, און אז א שניי, איז וואָס? וואָס אשטייגער טוט א באַ-לעגאָלע, ווען ער לאָזט זיך אין וועג אף א וואָגן און מיצקעדרינען כאפּט אָן א זאווערוכע? נו, איז וואָס? עק וועלט? איר פרעגט מיך, וועל איך אייך זאָגן, וואָס מע טוט. ס'הייסט, מיר וועלן לאָזן פוס-טעווען די פעלדער?

— איר זייט אוודע גערעכט, — האָט רייזע מענוכינ זיך ארייַנגעמישט, — נאָר מע דארף גלייבן, אז זייען וועט אונדז

שוין ניט אויסקומען, ווארעם די פעלדער האָט מען שוין פון לאַנג פאַרזייט.

— ווייבאַלד אַזוי, — האָט געדאַליע אַ הייב געטאָן די אַקסלען, — ווייבאַלד אַזוי, איז דאָך סטאַם נישטאָ וואָס צו אַמפּערן זיך. — און ער האָט צוריק אַרײַנגעשאָטן אין קעשענע דעם פולן הויפן קערנער, וועלכע שמעקן מיט פעלד.

— כאַווײַרים, — האָט רייזע באַ זיי געפרעגט, — אַלע קאָלווירטן האָבן מיט זיך מיטגענומען די אַקטן?

— און ווי קלערסטו? מיר וועלן איבערלאָזן די אַקטן, וואָס די מעלוכע האָט אונדז, די ייִדישע פויערים, געגעבן אין די הענט?

— דורך פײַער און וואַסער וועלן מיר זיי דורכטראָגן, — האָט געדאַליע ריזמאַן געזאָגט, — און צוריק זיך אומקערן מיט זיי אויף דער ערד, פאַר וועלכער עס שלאָגן זיך אונדזערע קינדער.

אויפן דיל באַם פענצטערל האָט רייזע דערזען שיִע ליבמאַנס פרוי כיִענע, אַ פולבלעכע ייִדענע מיט אַ געעלטערט פּאָנעם. דאָס געראַטעוועטע קינד איז געלעגן לעבן איר אויף אַ ווייכן פּאַק. כיִענע האָט ניט אָפּגעריסן די אויגן פונעם פענצטערל.

— איר זײַט נאָך אויף? — האָט רייזע באַ איר געפרעגט.

— עס שלאָפט זיך ניט. ווי קאָן מען שלאָפן!

זי האָט באַוויזן אויפן פאַרהויכטן פענצטערל.

— איך זיץ און קוק אויף דער באַרזשע מיטן שאָף, דאָרט שטייט אונדזער טשערעדע. קיינער מעלקט זי ניט. זיי שטייען מיסטאַמע הונגעריקע. אוי, רייזל, וואָס זאָל איך דיר זאָגן... — און זי האָט פאַרגראָבן דאָס פּאָנעם אין די הענט.

— כיִענע, מע טאָר ניט וויינען. איר געדענקט, וואָס שיִע האָט אײַך אָנגעזאָגט: ניט וויינען.

— כ׳וויין דען? עס וויינט זיך אליין. אַזאַ לעבן כאָרעוו געמאַכט. פאַר וועלכע זינד קומט אָפּ דאָס קינד? צו פינף יאָר געבליבן אַ יאָסעם.

רייזע מענוכיע האָט זיך צוגעזעצט לעבן כיִענען, אוועקגעלייגט דעם קאָפּ צו איר אין שויס. זי איז אײַנשלאָפן געוואָרן.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויער באַגינען. רייזל האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן, צורעכט געמאַכט די האָר אויפן קאָפּ, און אויף איר פּאָנעם איז ניט געווען צו באַמערקן, אַז זי איז ווידער קימאַט אַ גאַנצע נאַכט געווען אויף. זי האָט צונויפגערופן די פאָרזיצערס פון די קאָלווירטן און צוזאַמען מיט זיי צונויפ-

געשטעלט צעטלען פון די בריגאַדירן, פון גערטנער, מעלקערנס, פעלד-אַרבעטער. דאָס צעטל איז געוואַקסן.

— איר זעט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צום אוילעם, וואָס איז געשטאַנען אַרום איר, — מיר האָבן ניט וואָס צו שעמען זיך. פאַראַן, ווער ס'זאָל אַרבעטן.

— און וויאַזוי! מירן אויף די נייע ערטער אַרבעטן נאָך בעסער ווי אין דער היים, מע זאָל פון דעם עולם טאָג דערזען, וואָס איז אַזוינס אַ ייִדישער פויער.

אַרום האַלבן טאָג איז אויף דער גאַנצער שיף געוואָרן אומרויִק, און קיינער האָט פּינקטלעך ניט געוווּסט, וואָס איז געשען. די מאַטראָסן זײַנען אומגעלאָפן איבערן אויבערדעק, האָבן אַראָפּגעלאָזן אין יאַם די שליופּקעס, געמאַכט גרייט די רעטונגס-רייפן און האָבן געהייסן אַלעמען, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן אויבערדעק, אַראָפּגיין אונטן.

— האַ? וואָס איז געשען? — האָט איינער באַם צווייטן געפרעגט.

עמעצער פון די ייִדן האָט אָנגעכאַפּט אַ מאַטראָס פאַרן אַרבל און איז פון אים ניט אָפּגעטראָטן:

— איר מוזט מיר זאָגן, וואָס האָט געטראָפן?

דער מאַטראָס האָט ניט געענטפערט. ער האָט אָפּגעשטויסן פון זיך דעם ייִדן און אַ ווונק געטאָן צו דער הייך, — אַן אָנפּלי!

— ייִדן, אַן אַוראַפּלאַן, — האָט דער ייִד ניט מיט זײַן קול אַ געשריי געטאָן.

אויף די שיפן און באַרזשעס איז געוואָרן אַ בעהאָלע. אַלע האָבן געשפּאַרט צום אַרויסגאַנג אויפן אויבערדעק. ווען ס'איז געלונגען, דער האָט זיך דערקליבן נעענטער צו די אַראָפּגעלאָזענע שליופּקעס. דול האָט מען געקענט ווערן פונעם געשריי.

— וווּהין לויפט מען?

— כאַטש נעם און וואַרף זיך אַ לעבעדיקער מיט די קינדער אין וואַסער.

— אַז ווייל איז צו די, וואָס האָבן פון וועג זיך אומגעקערט צוריק.

— ייִדן! ווײַבער! — האָט רייזע מענוכין אויסגעשריִען. — באַרויִקט זיך! נעמט זיך אין די הענט אַרײַן! פאַרלירט ניט דעם...

זי האָט ניט באַוויזן ענדיקן דאָס לעצטע וואָרט, ווי ס'האָבן זיך דערהערט עטלעכע דערשיטערנדיקע קלעפּ פון שווערע באָמבעס. אויפן יאַם זײַנען מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן הויכע וואַסער-בערג. די שיף האָט זיך בעגעבן אַ הייב אויף און באַלד אַ פאַל אַראָפּ צוריק, ווי אין אַן אָפּגרונט.

— ייִדן, מיר גייען אונטער!

— מעשוגאָים, ווהינ פליט איר, — האָט רייזע מענוכינ מיט איר לייב פארצאמט דעמ וועג עטלעכע מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ פארמאָסטנ אראָפּ־צושפרינגענ אינ א דערבייִקער שליופּקע. — איר זייט באמ זינענ?!

קיינער האָט זי ניט געהערט. די אויגנ בא אלעמענ זיינענ געווענ ברייט צעעפנט, אונ זי האָט אינ זיי דערזענ דעמ אָפּשיינ פונ א ברענענדיקער בארזשע, ניט וויַט פונ שיפ.

זי האָט זיכ האסטיק אויסגעקערעוועט מיטנ פּאָנעמ אהינ, אונ פונ איר ברוסט האָט זיכ ארויסגעריסנ א שרעקלעכ געשריי. אנ אונטערגעצונדענע בארזשע מיט מענטשנ איז געגאנגענ צו גרונט.

אינ א רעגע ארומ האָבנ אלע געזענ, ווי איבער די כוואליעס פונ יאמ האָט אינ רעטונגס-שיפּל זיכ געטראָגנ רייזע מענוכינ.

— וואָס שטייט איר? — האָבנ די פרויענ געשריִענ צו די מענער.

— ייִדנ, מע דארפ ראטעווענ, ייִדנ! — אונ געדאליע מיט א רעטונגס-רייפ אפנ האלדז האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ יאמ.

ווער נאָר ס'האָט געקאָנט שווימענ, דער איז געשפרונגענ פונ שיפ אונ זיכ געטראָגנ אפ די כוואליעס צו דער ברענענדיקער בארזשע.

...העכער א וואָכ איז מענ געווענ אינ אָפענעמ יאמ, אונ אז מע האָט פונדערווייטנ דערזענ די יאבאָשע, האָבנ קינד-אונ-קייט ארויסגעשאָטנ אפנ אויבערדעק.

— אזוי זיינענ אינ דער טייווע געשטאנענ נויעכ מיט זיינע זינ אונ שניר אונ ארויסגעקוקט אפ דער טויב, וואָס האָט זיכ אומגעקערט מיט א צווייַגל פונ אנ איילבערט-בוימ אינ שנאָבל, — האָט דער גרייַז-גראָער זאָקנ שטיל געשלונגענ אינ זיכ די טרערנ.

ניט ווייַט פונ ברעג האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט די שיפנ אונ בארזשעס. אינ די ברייט צעעפנטע טירנ האָט א וויי געטאָנ מיט טרוקענעמ פראָסט פונ דעמ אומבאקאנטנ קאנט.

די ייִדנ זיינענ פאָרזיכטיק ארויס פונ דער שיפ. באמ ערשטנ טראָט אפ דער הארטער ערד האָבנ זיי גלייַכ דערפילט אונטער די פיס דעמ זיכערנ באָדנ.

# ברידער

## 1

ווינטער האָבן בא מײלעכ רובינטשיקן געפּוסטעוועט צוויי גרויסע צימערן. ער וואָלט מיט פאַרגעניגן עמעצן אַרײַנגעלאָזן צו זיך. זײַנען אין דאָרף ניטאָ קיין באַלאָנים אַף צימערן. אַלע האָבן דאָ אייגענע דירעס. און באַלד אַזוי, האָט ער אַף אַ גאַנצן ווינטער פאַרהאַקט ביידע אַלקערס. צוליב וואָס און צוליב וועמען באַהייצן אַזאַ נאַכלע? פאַר אים מיט זײַן זעלדען איז איבער-און-איבערגענוג דאָס ערשטע צימער מיט דער קיך. נאָר אַז ס׳פלעגט אָנקומען דער ליבער זומער, די צײַט, ווען ס׳פלעגן צו אים אַראָפּפאָרן אין געסט זײַנע אויסגעגעבענע קינדער מיט זייערע מישפּאָכעס, האָט מײלעכ רובינטשיק ניט געוווּסט ווו אַהינטאָן זיך פון ענגשאַפט. אַן ענגשאַפט, כאָטש נעם און בוי איבער די גאַנצע שטוב אָדער דינג בא עמעצן אַפן זומער צוויי-דרײַ צימערן. ער וואָלט עס שוין בעפּיירעש לאַנג געטאָן, ווען ער זאָל ניט געווען האָבן דאָס פּרוכט-סעדל אַרום שטוב. נאָר ווײַבאַלד ס׳איז דאָ אַן אייגן פּרוכט-סעדל, האָבן די ליבע געסט זײַנע גענעכטיקט אונטער די צעגרינטע צווײַגן פון די יונגע ווײַנשל-ביימלעכ, וואָס ער, מײלעכ, האָט זיי פאַרפלאַנצט נאָכ אינעם ערשטן יאָר פון דער איבערוואַנדערונג. יעדן אַפּדערנאַכט איז בא אים אין שטוב, וואָס איז געשטאַנען די אַנדערע פון וועג, געווען טומלדיק און פריילעכ, ווי אַף אַ כאַסענע, ווו דער הויפּט-מעכוטן איז טאָמיד געווען טאַקע ער אַליין, דער עטלעכע-און-פופציקיאָריקער סטאָליער מײלעכ רובינטשיק.

— וואָס זאָל איכ דיר זאָגן, זעלדע-לעבן, איכ בין זיכ אַליין מעקאַנע, און ס׳איז, דאַכט זיכ, פאַראַן וואָס מעקאַנע צו זײַן, אַ, זעלדע-לעבן?

זעלדע, אַ מיטלוווּקסיקע, אַ דיקלעכע מיט אָן אַ שיר כיין אינעם צעקנייטשטן [redacted] געזיכט, האָט געקוקט אַף איר שטאַרק

ט׳מלדיקנ מײלעכנ, װי מע קוקט אפ א ליבלינג א קינד. און אז מע פילט אפ זיך אזעלכע בליקנ, פארגעסט מענ גאָר, אז מע איז שוינ אריבער די פּיפציק, אז מע איז שוינ א זײדע פונ עטלעכע אײניקלעך. נאָך אזעלכע גליקלעכע אפּדערנאכטנ האָט זיך אפ מאָרגנ גאָר אנדערש געארבעט. ס׳האָט בא אים מאמעש געברענט אונטער די הענט. מע האָט געדארפט צורעכט מאכנ די מאַזשארעס, רעמאָנטירנ די שטערנ-שװיצער, די װעגענער. פונ ארבעט האָט מײלעך זיך קײנ-מאָל ניט אײַנגעמידט, בפּראט נאָך זומער, װענ ארום אים אפנ קאָלװירטישנ הויפ פלעגנ זיך אומדרײענ זײַנע אײניקלעך. אײנס האָט געבעטנ, דער זײדע זאָל אים אויסהובלענ א לאָפּעטקע, דאָס צװײטע— אויסבײגנ א נײַעם רײפ, מאכנ א װעגעלע אפ פירנ זאמד, און דאָס סאמע קלענסטע האָט גאָר אנדערש ניט געװאָלט, װי ארופקריכנ דעם זײדנ אפנ קארק און שרײַענ — ניאָ! ניאָ!

זעלטנ, ביז גאָר זעלטנ, קומט אויס הערנ פונ א מענטשנ, ער זאָל װעגנ זיך אלײנ זאָגנ: „איך בינ גליקלעך“. דאָס ליגט נאָך ניט דערװײַל אינעם מענטשנס נאטור. גיכער קענ מענ הערנ: „איך בינ געװענ גליקלעך“. מײלעך איז געװענ ניט פונ די. פונ אים האָט מענ גאנצ אָפט געקאָנט הערנ: „איך קאָנ זיך ניט באקלאָגנ. האלעװײַ זאָלנ מײַנע קינדער און אלע מײַנע גוטעפרײַנט זײַנ אזוי גליקלעך, װי איך“.

— װיאזוי קאָנט איר זיך פילנ גליקלעך, אז װי עס קומט זומער, הײבט איר זיך אָנ באקלאָגנ אפ דער ענגשאפט?

זאָגנ פלעגט מענ עס אים געװײנלעך אינ א שפּאס, נאָר בא מײלעכנ איז עס געװענ װײַט ניט קײנ שפּאס. ס׳איז טאקע בא אים ניט געװענ װי א קער צו טאָנ זיך. דערצו נאָך, אז עס פלעגט אויספאלנ א רעגנדיקע נאכט, איז געװענ זײער און בײַטער. כאָטש נעם און שטעל ארויס פונ שטוב דאָס גאנצע מעבל.

...און איצט, שוינ דער דריטער כוידעש, װי מע האָט אינ זײַנ שטוב פארשפּארט אלע פארבליבענע מישפּאָכעס. עטלעכע און צװאנ-ציק מישפּאָכעס פארשפּארט אינ אײנ שטוב, און קײנער האָט זיך ניט באקלאָגט אפ דער ענגשאפט. מײלעך האָט שוינ פארשפּאָרט אפילע טראכטנ װעגנ ארויסשטעלנ דאָס מעבל. די דײַטשנ האָבנ נאָך אינ די סאמע ע״שטע טעג פונ זײער מעמשאָלע אלצ ארויסגעפירט פונ שטוב. אפילע קײנ צעבראָכנ בענקל ניט איבערגעלאָזנ. אז ס׳פלעגט זיך אָנרוקנ די נאכט, האָט מענ די קינדער אײַנגעלײגט שלאָפנ אפנ הוילנ דיל און אלײנ האָט מענ זיך אריבערגעקליבנ אי-

נעם פּוסטן, ניט גערייניקטן שטאָל. פיר וועגט זײַנען דאָ, האָט מען, שטייענדיק, זיך אָנגעשפּאַרט באַ די ווענט, זיך אָנגעשפּאַרט איינער אָפּן אַנדערן, און אַזוי איז מען איבערגעקומען די נעכט. מע איז געשטאַנען שטום ווי אויסגעהאַקטע מאַצייוועס, זיי אויגן צוגעמאַכט. נאָר געווען איז מען וואַך. באַ אַ מינדסטן שאָרך אָפּ יענער זײַט טיר האָט מען זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף, ווי מע וואָלט באַ זיך אָפּן האַלדז דערפילט דעם פראָסט פון אַן אָנגעשאַרפטן כאַלעף. דערווײַל זײַנען נאָך די נעכט אַדורך שטיל. שוין באַלד אַ יאָר, ווי מע איז באַ די דײַטשן אין די הענט, נאָר כוץ שרעק, ליידן און הונגער איז נאָך זערווײַל מער גאָרניט אויסגעקומען איבערצוטראָגן. יעדער איינער פאַר זיך האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז קיין אויסנאַם וועלן זיי ניט זײַן, אַז סאָפּקאָ'סאָפּ וועט מען מיט זיי טאָן דאָס זעלבע, וואָס מע טוט מיט אַלע ייִדן, און דאָך האָט מען פאָרט ניט פאַרלוירן די האָפענונג. טיף אין זיך האָט יעדער איינער געטראָגן פאַרבאָרגן אַ שטיקעלע האָפענונג — עפּשער וועט זיך עס מיט דעם ענדיקן. ס'איז דען קאַרג די צאָרעס, וואָס מע איז זיך פאַר די עטלעכע כאַדאָשים אויסגעשטאַנען? ווען ניט דאָס שטיקל האָפענונג, וואָלט מען שוין לאַנג אַראָפּ פון זינען.

האַרבסט, ווען די דײַטשן האָבן באַטראָטן דעם סטעפּ, און אַזוי אויך דעם גאַנצן ווינטער האָט נאָך יעדער איינער געוווינט באַ זיך אין שטוב. נאָר הײַנטיקן זומער האָט מען אַלע ייִדן פאַרשפּאַרט אין מיילעך רובינטשיקס הויז. אַלץ אָפּגענומען, און קיינעם פון די רוסישע שכיינים, סײַ די, וואָס האָבן דאָ געוווינט נאָך פאַר דער מילכאָמע, און סײַ די, וועלכע די דײַטשן האָבן אַהער אָנגעטריבן פון די כאָרעווע שטעט באַם ברעג יאַם, — קיינעם פון זיי האָט מען ניט צוגעלאָזן נאָענט צו רובינטשיקס שטוב. אַפילע אַ סקאָרינקע ברויט איבערגעבן פאַר די אָפּגעשוואַכטע און קראַנקע האָבן די דײַטשן פאַרווערט. ווען ניט וואַסיל, וואָלט מען שוין לאַנג אויסגעגאַנגען פון הונגער.

אינמיטן דער נאַכט פלעגט וואַסילי טערענטיעוו זיך דורכגאַנווענען אַהער. ער פלעגט מיט זיך ברענגען צו עלעפּן אַ פּאָר לאַבנס ברויט, אַן עמער מילך פאַר די פאַרשמאַכטע אייפעלעך, אַמאָל אַ טאָפּ אָפּגעקאָכטע פּאַפּשויעס אָדער קירבעס, און ער פלעגט פונדאנען ניט אוועקגיין, ביז די ייִדן פלעגן זיך ניט נעמען אָפּעסטן.

— איר מיינט, אַז אונדז גייט אײַן דאָס עסן, — האָט וואַסילי טערענטיעוו זיך אָנגערופן און דערבײַ שטאַרק געפינטלט מיט די

שלעפעריקע אויגן, — שאָטנס גייען אַרום, ניט קיין מענטשן, נאָר מע מוז זיך שטאַרקן. גאָט וועט געבן, אונדזערע וועלן זיך אומקערן צוריק, און מיר וועלן ווידער לעבן צוזאַמען, ווי מיר האָבן געלעבט. יעדערער באַ זיך אין הויז...

— ווער טראַכט עס איצט וועגן די הייזער, וועגן דעם אָנגעוואָרענעם האָב-און-גוטס. אוי, וואַסילי, וואַסילי, איך וואָלט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער. מיר קאָנען שוין מער ניט צוזען דעם צאַר פון די אייפּעלעך...

פון אַ ווינקל האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקט געוויין פון אַ מאַנצביל.

— נעמט זיך אין די הענט, — האָבן די פרויען געגומען איינשטילן זייערע מענער און טאַטעס, — מיט טרערן קען מען דען מאַכן בעסער? האַלעוואַי זאָל כאָטש ניט זיין ערגער. ווער ווייסט, ווער ווייסט, וואָס עס קאָן נאָך מיט אונדז זיין.

און ווידער האָט זיך דערהערט אַ געוויין. אַ פאַרשטיקט איינגעהאַלטן געוויין.

— איר וועט דאָך אויפוועקן די קינדער! — האָט מיילעך זיך צעבייזערט, — איר ווילט, די דייטשן זאָלן הערן אונדזער געוויין?

אין פינצטערן שטאַל איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שטיל, אַז פון דער שטילקייט אַליין האָט מען געקאָנט אַראָפּ פון זינען.

אַזויפיל אויסגעשטאַנען, און רובינטשיק האָט דאָך פאַרהיט אין זיך די מונטערקייט. מונטערקייט — דאָס איז איצט געווען זיין גרעסטער אוצר. ער האָט עס געדאַרפט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר זיינע טעכטער און שניר, וואָס זיינען צו אים פאַראיאָרן זומער אַראָפּגעקומען אין געסט און זיינען באַגלייך מיט אים דאָ געבליבן שטעקן מיט זייערע קינדער. פאַר דער מונטערקייט זיינער זיינען אים אַלע געווען דאַנקבאַר. און ווי צונויפגערעדט, האָט אַפילו זיין האַלב בלינד געוואָרענע זעלדע אים ניט אויסגעזאָגט, ווי שטאַרק ער, מיילעך, האָט פאַר דער לעצטער צייט זיך געענדערט. געוואָרן אַ זאָקן. ס'איז פאַרשוווּנדן די שפּילעוודיקייט פון זיינע אויגן. די באָרד — ווייס ווי שניי, און עפּעס איז ער געגאַנגען מיט זייער אַ מאָדנעם גאַנג. געגאַנגען ניט זיכער, גלייך ער וואָלט אונטער די פיס געפילט ניט דעם סטעפּ, נאָר אַ שוואַך פאַרפרוירענעם טייך, ווו דאָס אייז קאָן יעדע רעגע פּלאַצן.

ווען אַלע האָבן זיך באַקלאָגט, האָט מיילעך רובינטשיק געשוויגן. צו וועמען זאָל ער האָבן טענות? צו די דייטשן? אויב שוין יאָ,

וואָלט ער זיך אויסגעטײַנעט מיט דער אייגענער מעלוכע. זייער א גרויסע טײַנע האָט ער צו איר געהאַט:

— פאַרוואָס האָט מען אונדז ניט מאָביליזירט. וועמען־וועמען, נאָר אונדז, ייִדן, האָט מען ביז אייבעם געדאַרפט מאָביליזירן.

— מענטש איינער, — האָבן די אַלטע לײַט אים אָפּגעענטפערט, — פּאַרט אויס דעם גאַנצן סטעפּ, וועט איר זען, צי ס׳איז כאָטש געבליבן איין געזונטער יונגערמאַן. און צווייטנס, וואָס זאָל מען געווען טאָן מיט די ווײַבער אונדזערע, מיט די קליינע קינדער — אויך מאָביליזירן?!

— וואָס וואַרפט איר אַרויף די שולד אויף דער מעלוכע, — האָט א צווייטער ייִד זיך אַרײַנגעמישט, — ווער־ווער, נאָר מיר, ייִדן, ווייסן, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, וואָס איז אַזוינס א פּאָגראָם, וואָס איז אַזוינס א שכיטע, און פונדעסטוועגן האָט זיך געפונען א היפּש ביסל ייִדן, וואָס האָבן גראַדע יאָ געהאַט א מעגלעכקײַט זיך עוואַקויִרן און האָבן זיך דאַפקע ניט עוואַקויִרט. וואָרעם ניט אַלע האָבן געגלייבט, אַז דער דײַטש איז אַזאַ קוילער. ווער האָט זיך עס אויף אַזויפיל געקאָנט ריכטן, ווער?

— און עפּשער וועלן זיך שוין מיט דעם ענדיקן אונדזערע צאָרעס, א?

— האַלעווײַ. — און אין דעם, ווי מע האָט אַרויסגעבראַכט אָט דאָס וואָרט „האַלעווײַ“, האָט זיך געפילט דער טיפער מענטשלעכער גלויבן אין דער גערעכטיקײַט פון דער וועלט, אַז דאָס גוטע מוז באַהערשן דאָס שלעכטע.

אין פאַרהאַקטן שטאַל איז געווען שטאָק־פינצטער און דושנע, ווי פאַר א רעגן. די, וואָס זײַנען געשטאַנען נעענטער צו דער טיר, האָבן איטלעכע ווײַלע געכאַפּט א קוק אויפן אויסגעשטערנטן הימל און שווער אָפּגעזיפצט:

— ס׳טאָגט נאָך ניט. א נאַכט — א יאָר. א טאָג — א יאָר. ריבוינע־שעל־אוילעם, אַד מאָסײַ? ווען וועלן זיך שוין ענדיקן אונדזערע צאָרעס? ניטאָ מער קיין קויעך עס איבערצוטראָגן...

ס׳איז ווידער דורך א שטיק צײַט. די מידקײַט פון א נאַכט אויסשטיין אויף די פיס האָט זיך געלאָזט פילן. ביסלעכווײַז זײַנען אַלע, אַזוי שטייענדיק, אַנדרעמלט געוואָרן, און גראַדע דעמלט האָט פון יענער זײַט טיר זיך דערהערט א געשריי:

— יודען! אויפשטיין! צו דער אַרבעט!

— דאַנקען גאָט. נאָך א נאַכט איבערגעקומען!

אזוי יעדעס מאָל. אין איינער און דער זעלבער שאָ, ווען דער הימל איז נאָך געווען פול מיט שטערן, האָט מען אלעמען ארויס־געטריבן פון שטוב. די פרויען האָבן געטראָגן אויף די הענט די שלע־פעריקע קינדער, און די יינגערע מענטשן האָבן געפירט אונטערן אָרעם די אלטע און קראנקע לייט. פון ביידע זייטן וועג זיינען גע־גאנגען דייטשישע וועכטער. די דייטשן האָבן דורכאנאנד געקלאפט מיט די ביקסן־שלעסער. איטלעכע ווײַלע זיי אויפגעעפנט און פאר־שלאָסן, אויפגעעפנט און פארשלאָסן. זאָלן די יידן פילן, אז זייער לעבן ליגט איצט בא יעדן דייטש אין די הענט.

פון פינצטער ביז פינצטער האָבן די יידן שווער און ביטער גע־ארבעט אויפן פעלד: די מאנצבילען — אויף די שטערן־שוויצער. די פרויען — גארבן געבונדן, און די קינדער האָבן מיט די הוילע הענט־לעך געצופט דאָס ווילדגראָז פון די ווייס צעבליטע בוימוואָל־פעלדער. די אייפעלעך זיינען געלעגן אויף דער ערד. פארשמאכטע, אויסגעמאטערטע פון געוויין, זיינען זיי שוין צום סאָף טאָג געלעגן איינגעשטילט און געקוקט מיט די אויסגעוויינטע אייגעלעך צום בלויען ווייטן הימל...

מיילעך רובינשטיק פלעגט מיט אלעמען צוגלייך פארלאָזן די שטוב און ביזן קאָלווירטישן הויף מיטגיין מיט דער איידע. ער האָט געפירט אונטערן אָרעם זיין זעלדען, וואָס איז שוין קימאט אינגאנצן געווען בלינד. פון ביידע זייטן זיינען געגאנגען זיינע טעכטער און די שניר מיט די אייניקלעך. באם קאָלווירטישן הויף פלעגט ער זיך מיט זיי שטיל צעזעגענען און איועק צו זיך אין סטאָליער־וואר־שטאט. אים, מיילעכן, האָבן די דייטשן באפוילן ארבעטן בא זיין פאך. אין סטעפ האָבן די יידן געארבעט אָפגעזונדערט פון זייערע רוסישע שכיינים, נאָר פאר מיילעכן האָבן די דייטשן געמאכט אן אויסנאם. מע האָט אים געלאָזן ארבעטן מיט וואסילי טערענטיעוון.

וואסילי טערענטיעוו, א מענטש שוין אין די יאָרן, נאָר א גאנץ קרעפטיקער נאָך, האָט ביז דער מילכאָמע זיך שטענדיק געהאלטן דערווייטערט פון מענטשן און איז ביז גאָר געווען קארג אויף א וואָרט. נאָר זינט ס׳האָט געטראָפן דער גרויסער אומגליק, איז וואסי־לי געוואָרן אן אנדער מענטש. ער האָט איטלעכן געטרייסט, דער־מוטיקט. באטאָג פלעגט ער זיך צונויפריידן מיט זיינע מענטשן אין דאָרף, מע זאָל צוגרייטן שפייז פאר די יידן, און באנאכט — עס אליין אוועקטראָגן. דאָס, וואָס מיילעך איז געבליבן ארבעטן בא זיין פאך אינעם סטאָליער־ווארשטאט, האָט געגעבן וואסילין א מעגלעכ־קייט האָבן א פארבינדונג מיט די יידן.

— נו, וואָס הערט זיך? — מיט דער פראַגע האָט ער יעדן קאַ-
יאָר באַגעגנט מיילעכן.

— שלעכט, וואַסילי, שלעכט, — האָט מיילעך געענטפערט, — ס'איז
שוין ניטאָ קיין קויעך איבערצוטראָגן די צאָרעס. כ'ווייס, וואַסילי,
אַז מע דאַרף זיך קרעפטיקן, ניט פאַרלירן די האָפענונג. ווען מיר,
יידן, וואָלטן געלעבט אָן אַ האָפענונג, וואָלטן מיר שוין לאַנג אַפּ דער וועלט
ניט געווען. — און קעדיי וואַסילי זאָל עס גוט פאַרשטיין, האָט מיילעך
צוגעגעבן: — דאָס געבעט פון אונדזער פאָלק איז — ליב האָבן
מענטשן ווי זיך אַליין. וואָס קאָן זיין נאָך שרעקלעכער ווי אונדזער
איצטיקער מאַצעוו. מיר וואָלטן דאָך שוין לאַנג אויסגעגאַנגען פון
הונגער. צי ווייסטו כאָטש, וואַסילי, וואָס דו ביסט איצט פאַר אונדז.

— ניט איך, וואָלט אַן אַנדערער זיך געפונען.

— ווען דעם רייד איך דאָך. דער, וואָס גלייבט ניט אין מענטשן,
איז אַליין קיין מענטש ניט. באַ אים איז די נעשאָמע קיין נעשאָמע
ניט. אַפילו קיין כייע איז מען ניט. אַ דייטש איז מען. אַ דייטש!

— אַ דייטש! — און אין דעם, וויאַזוי וואַסילי טערענטיעוו האָט
אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל אָט דאָס וואָרט, האָט זיך געפילט אַ
דווירעסדיקע סינע צו די דייטשן.

## 2

איינמיטן זומער, ווען ס'גיסן זיך אָן די ווייַנגערטנער און ס'בליִען
די בוימוואָל-פעלדער, אין דער סאַמע רעכטער צייַט פון שניט האָט
מען פּלוצעם אויפגעהערט טרייַבן די יידן אַפּ אַרבעט.

— וואָס זאָל עס באַטייַטן? — האָט איינער באַם אַנדערן געפרעגט.
און יעדער איינער פאַר זיך האָט אין דער שטיל אַרויסגעזאָגט זייַנע
אייגענע סוואָרעס. איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער.

אין די טעג האָט מען מיילעך רובינטשיקן ניט געלאָזן צורו:

— איר זייַט דאָך איצט אונדזער איינציקער פּאָליִעכ, וואָס
זאָגט מען?

— וואָס זאָגט וואַסילי?

און מיט וואָס האָט זיי געקאָנט טרייסטן מיילעך? ער האָט זיי
ווידער און ווידעראַמאָל איבערדערציילט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט
געהערט פון וואַסילי טערענטיעווון:

— אַפּאַנעם, אַז מע וועט אונדז פונדאַנען אַלעמען עוואַקויִרן.
געוויי וווהין, דאָס איז שווער צו זאָגן. ס'גייען קלאַנגען — אַזש קיין פּוילן.

מײלעך רובינטשיק איז איצט געװען דער אײן-און-אײנציקער ייִד, װאָס האָט געהאַט אַ פֿאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער װעלט. בלױז אים האָט מען צוגעלאָזן צו דער אַרבעט. ער און װאַסילי האָבן גע-האַט אַ באַפֿעל — ברענגען אין דער פֿולער אָרדענונג די װעגענער, מאַזשאַרעס, בעדאַרקעס און דאָס געשפּאַן. פֿון דעם האָבן זײ בײדע געמאַכט אַן אױספֿיר, אַז מע גרײט זיך עװאַקויִרן פֿונדאַנען די ייִדן. ביז אַהער האָט מײלעך זיך פֿאַרשאַלטן דאָס געבײן, לעמײַ אַרבעט ער אױף די דײַטשן. איצט האָט ער געהאַט אַ גרױסע באַרעכטיקונג. ער אַרבעט בײַ די דײַטשן, אָבער ניט אױף זײ. ער האָרעװעט פֿון פֿינצטער ביז פֿינצטער, אַז ס׳זאָלן די קינדער און שװאַכע לײַט זיך ניט דאַרפֿן שלעפּן צופֿוס אַזאַ מעהאַלעך. ער האָט זיך נאָך קײנמאָל אַזױ ניט געפֿלײַסט בײַ דער אַרבעט, װי אין אָט די טעג, ער האָט אונטערגעטריבן אײ זיך אײ װאַסילן. געלעבט אין מוירע, אַז זײ װעלן ניט באַװײַזן צוגרײטן דעם טראַנספּאָרט.

אין סטעפּ זײַנען דעמלט געשטאַנען הײסע, זוניקע טעג. די ערד האָט זיך געשפּאָלטן פֿון היץ. די דײַטשן, װאָס זײַנען אײַנגעשטא-נען אין דאָרף, האָבן זיך באַהאַלטן אין שאָטן פֿון די סעדלעך און זיך געלײגט נאַסע האַנטעכער צום קאָפּ. מײלעך רובינטשיק האָט די היץ ניט געפֿילט. ער איז געװען פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט. יעדע מינוט איז בײַ אים געװען אױסגערעכנט און טײַער. ביזװאַנען די זון איז אַרױסגעשװוּמען פֿון יענער זײַט בערג, האָט ער שױן בײַ-װיזן אַרופֿטאָן נײַע רעדער אױף אַ מאַזשאַרע און איז אַרונטערגע-קראָכן אונטער אַ דערבײַ שטײענדיקן װאָגן, זען, װאָס דאַרף ער דאָרטן נאָך פֿאַריכטן. ליגנדיק אַזױ מיטן פּנים אַרױף אונטערן װאָגן, האָט ער דערהערט אַ רױש פֿון אַ מאַשין. אַלע, װאָס האָבן זיך געפֿונען אױפֿן קאָלװירטישן הױף, זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעלאָפֿן, און אינעם ייִשוב איז געװאָרן אַזױ שטיל, אַז מע האָט, דאַכט זיך, גע-הערט, װי עס פֿליסט די בלױקײַט פֿון הימל.

מיטאַמאָל האָט די שטילקײַט געפּלאַצט: אַ שרעקלעך געיאָמער האָט זיך געריסן צו דער הײך.

מײלעך האָט ניט געקענט באַנעמען, װאָס עס איז מיט אים גע-שען: צי ס׳זײַנען בײַ אים אָפּגעשטאָרבן די אײװורים, צי די ערד האַלט אים צו. ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פֿון אָרט. עטלעכע מינוט איז ער אַזױ געלעגן פֿאַרגליװערט אונטערן װאָגן און צוגע-קוקט, װי פֿון דער לאַסט-מאַשין, װאָס האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן זײַן סעדל, זײַנען אַרױסגעשפּרונגען באַװאָפֿנטע זעלנער און גענומען

ארויסטרײַבן די ייִדן פֿון זײַן שטוב. שרעקלעכע, ניט קיין מענטשלעכע געשרייען האָבן זיך פֿון דאָרט געטראָגן. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט די קוילעס פֿון זײַנע אייניקלעך. ווי די ערד אַליין וואָלט אים אָפּגעשטויסן פֿון זיך, אַזוי האַסטיק האָט מײַלעך זיך אַ ריס געטאָן צו דער באַלאַגערטער שטוב זײַנער.

— ווּוהין?!

אַנטקעגן אים איז ווי אַ וואַנט געשטאַנען וואַסילי טערענטיעוו.

— ווּוהין לויפֿסטו? קאָנסט דען מיט עפּעס העלפֿן?!

— ווּוהין טרײַבט מען זיי, וואַסילי?

וואַסילי טערענטיעוו האָט פֿון אים אָפּגעקערט דאָס פֿאַרשטיינערטע פּאָנעם זײַנס און געשוויגן.

— ווּוהין? וואָס קלײַבן זיי זיך מיט אונדז טאָן? — און דער עטלעכע-און-פֿופֿציקיאָריקער מײַלעך רובינטשיק, אַ ווײַסער ווי אַ טויב, איז ווי אַן אייפּעלע צוגעפֿאַלן צו וואַסילין אױפֿן אַקסל און זיך צעוויינט.

וואַסילי טערענט׳עוו האָט מיט גוואַלד אַרײַנגעשטויסן רובינטשיקן אין סטאָליער-וואַרשטאַט. אים אַרויפֿגעשלעפּט אױפֿן בוידעם און דאָרט, צווישן אַלטן, אָנגעוואָרפֿענעם ברוכוואַרג אים באַהאַלטן. פֿון אויבן האָט ער אױף אים אָנגעשאָטן אַ באַרג מיט סטרוזשקעס.

— קיין פּיפּס זאָל מען פֿון דיר ניט הערן, אויב דו ווילסט נישט אומברענגען אי זיך אי מיך. דו הערסט, מײַלעך, קיין פּיפּס...

וואַסילי איז אַראָפּגעקראָכן פֿון בוידעם און דאָרט, פֿון אונטן, אינעם סטאָליער-וואַרשטאַט, זיך אַוועקגעשטעלט הובלען.

מײַלעך איז געלעגן צונויפֿגעדרייט אין אַ בייגל און אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. ער האָט געפֿילט אױף זיך די ברענענדיקע זון, וואָס האָט אַרײַנגעשײַנט אַהער דורכן האַלב אָפּגעריסענעם דאַך און זיך דערקליבן דורך די סטרוזשקעס צו זײַן לײַב, און דאָך איז אים געווען מעסוקן קאַלט. אַ צאָן אױף אַ צאָן האָט ניט געטראָפֿן. אַז די קוילעס פֿלעגן זיך אױף אַ רעגע עטוואָס אײַנשטילן, האָט זיך געהערט, ווי עס רוישט דער הובל. מײַלעכן האָט זיך געדוכט, אַז דאָס הובלט מען זײַן לײַב. און ווידער האָבן זיך דערהערט קוילעס. אַ געשריי — ביז מעשוגע צו ווערן.

— זײַ מיר מויכל, זעלדע-לעבן, זײַט מיר מויכל, מײַנע ליבע אייניקלעך און טעכטער, — האָט מײַלעך שטיל געשעפּטשעט. — זײַט מיר מויכל, ייִדן, וואָס איך בין איצט ניט צווישן אײַך. איין גאָט ווייסט דעם עמעס, אַז דאָס איז ניט מײַן שולד. נעמט זיך אין די

הענט. פארלירט נישט דעם ביטאָכן. עס וועט קומען די צײַט, וועלן מיר זיך צוריק אומקערן אהער.

די גוואלדן און געשרייען האָבן זיך אלץ דערווײַטערט פונדאַנען, זײַנען וואָס אמאָל געוואָרן שטילער, שטילער. ס'איז געוואָרן אזוי שטיל, אז ווען וואסילי וואָלט דאָרט פון אונטן ניט געשטאנען און געהובלט, וואָלט מען, דאכט זיך, געקאָנט הערן, ווי די שטראלן פון דער זון שאָרכען צווישן די סטרוזשקעס. אפּאָנעם, מע האָט זיי שוין ארויסגעפירט פון יישעוו. איצט איז ער דאָ איבערגעבליבן אליין. פלוצלינג דערהערט ער א שיסערײַ פון ביקסן און פארצווייפלטע קוילעס.

מיילעך איז ארויסגעשפרונגען פון זײַן באהעלטעניש און איז צוגעפאלן צום אויסגעהאקטן פענצטער. פאר זײַנע אויגן איז געלעגן דער יישעוו. א לאנג אויסגעצויגענע גאס, אײַנגעהילט אין גרינס. ער איז צוגעפאלן צו דער אנטקעגנדיקער וואנט, האָט אראָפּגעריסן א ברעט און, ווי ס'וואָלט אים עמעצער א שטארקן שטויס געטאָן אין הארצן, אָפּגעשפרונגען צוריק מיט שטײַף צוגעמאכטע אויגן. נאָר וואָס שטײַפער ער האָט צוגעשלאָסן די אויגן, אלץ בוילעטער האָט ער געזען דעם צעגרינטן ווײַנגאָרטן און ווי אף יענער זײַט ווײַנגאָרטן שעכט מען איצט זײַנע אייניקלעך און טעכטער...

מיילעך איז געווען אין דעם צושטאנד, ווען א מענטש הערט אוף ווערן מענטש. שטיקער פלייש, ווען מע זאָל געווען איצט שנײַדן, וואָלט ער דעם ווייטעק ניט געפילט. ווי דײַטלעך און הויך מע זאָל צו אים ניט ריידן, וואָלט ער קיין וואָרט ניט באַנומען. וואסילי האָט זיך דערשראָקן פאר זײַנע אויגן. ער האָט אָנגעכאפּט מיילעכן פאר די הענט און אים גענומען מינטערן:

— ווהינ?! צוריק! די מינוט צוריק!

— לאָזט מיך צו מײַנע זעלדעס, זי ווארט דאָרט אף מיר.

— ווו? ווער ווארט? דערקענסט מיך ניט, מיילעך?

— א?

אין זײַנע ווילדע, אָנגעגאָסענע אויגן האָט א לויכט געטאָן א כימען פון א מענטשלעכן בליק.

— האָסט מיך דערקענט? דאָס בין איך דאָך, וואסילי.

— וואסילי, דו? אלעמען צעשאָסן, א, וואסילי?

— מיר וועלן פאר אלץ באצאָלן, מיילעך. ביז מיר וועלן ניט באצאָלן, טאָרן מיר ניט שטארבן. גיי דערווײַל צוריק אין דײַן באַהעלטעניש. באנאכט וועל איך דיך אָפּפירן אין א זיכער אָרט.

מיילעכ איז ווידער געלעגן אונטער די סטרוזשקעס און זיך צו־געהערט צו דער שטילקייט. א טויטע שטילקייט ווי אפ א בעסוילעם נאָך א גרויסער לעווייע. ס׳איז דורך א שאָ, עפשער מער, נאָר ער האָט נאָך אלץ ניט געקאָנט באנעמען, וואָס איז דאָ הייַנט פאָרגעקו־מען. ערשט הייַנט באגינען, פאר דעם, ווי ער איז אוועק צו דער ארבעט, האָט ער געזען זייַנע זעלדען, גערעדט מיט איר. ער האָט דאָך הייַנט געהאלטן אפ די הענט זייַנע אייניקלעך, געגלעט זיי אי־בער די קעפּלעך. און וווּ זייַנען זיי איצט? וועט ער זיי שוין קיינ־מאָל מער ניט זען? ער האָט געפּרוּווט ארויסרופן איין זיך זייער גע־שטאלט, נאָר פאר די אויגן איז געשטאנען א פּוסטקייט. אָט באַ־ווייַזט זיך עמעצנס א לעבעדיק געזיכט און ווערט באלד צעשווומען. עס דוכט זיך אים, אז פאר דער צייַט, וואָס ער געפינט זיך דאָ, איז אומגעקומען די גאנצע וועלט. וואָס וועט ער איינער אליין טאָן אפ דער וועלט?

מיטאמאָל דערשרעקט ער זיך פאר זיך אליין. ער הייבט אָן בא־נעמען, אז דאָס רירט ער זיך פון זינען, און קעדיי אפ אייַן רעגע כאָטש אָפּשטעלן דאָס האסטיקע געלאָף פון די געדאנקען, האָט ער גענומען זיך איינהערן, ווי ס׳רוישט דער הובל. ששש! ששש! וואָס הובלט ער עס דאָרט, וואכילי, אזוי לאנג? אין א קורצער צייַט ארום דערהערט ער פון אונטן א טומל. מע רופט דאָרט אָן זייַן נאָמען. דאָס איז מען געקומען נאָך אים. ער הערט, ווי וואסילי ענטפערט:

— וואָס פרעגט איר בא מיר? פונוואנען זאָל איך וויסן, אז ער איז דאָ גאָר הייַנט ניט געווען.

— מיר וועלן זוכן, און אויב מיר וועלן אים געפינען...

עמעצער קלעטערט אהער אפן בוידעם. מיילעך דערפילט אפ זיך שווערע טריט. די סטרוזשקעס שנייַדן זיך אריין אין פּאָנעם, נאָר ער ליגט שטום און אומבאוועגלעך, ווי אן אייַנגעוואקסענער שטיין. עס ווערט ווידער שטיל. ער הערט שוין ווידער דעם קענטלעכן רויש פונעם הובל. ששש! ששש! ביזוואנען וועט זיך עס אזוי ציִען? ס׳וועט זיך אמאָל ענדיקן דער טאָג?

— וווּ איז דער יודע רובינטשיק?!

שוין! מע איז שוין ווידעראמאָל געקומען נאָך אים. מע שרייַט דאָרט אפ וואסילין, מע דראָט אים, נאָר וואסילי ענטפערט ווי פריִער:

— פונוואנען זאָל איך וויסן, ווו ער איז, אז ער איז דאָ גאָר הייַנט ניט געווען.

— וועסט ניט זאָגנ, וועלנ מיר דיכ שיסנ אָנשטאָט דעמ יודענ!

מיילעכ דערהערט, ווי עמעצער איז אומגעפאלנ. ער הערט שווערע קלעפּ. דאָס שלאָגט מענ וואסילינ. מיילעכ וויל אויסשרייַענ: „שלאָגט אימ ניט. אָט בינ איכ!" נאָר ס׳באוועגט זיכ בא אימ ניט די צונג. די ליפּנ זייַנענ זיכ בא אימ ווי צונויפגעוואקסנ.

ענדלעכ ווערט שטיל. ס׳הערנ זיכ שוינ מער ניט קיינ קוילעס, קיינ רויש פונעמ הובל. ווי א בליצ האָט דורכגעשניטנ א געדאנק — מע האָט אוועקגעפירט וואסילינ.

מיילעכ איז האסטיק ארויסגעקראָכנ פונ אונטער די אייַנגעטראָטענע סטרוזשקעס אונ צוגעפאלנ צומ אויסגעהאקטנ פענצטערל. פונדאנענ האָט ער דערזענ, ווי אינמיטנ גאס איז געשטאנענ וואסילי טערענטיעוו אונ אנטקעגנ אימ זייַנענ מיט אָנגעשטעלטע ביקסנ געשטאנענ דייַטשנ.

מיילעכ איז האסטיק אראָפּגעשפּרונגענ פונ בוידעמ, ארויסגעלאָפנ פונ ווארשטאט אונ ניט מיט זייַנ קאָל אויסגעשריענ:

— שיסט אימ ניט. איכ בינ דאָ! ווארט צו, שיסט אימ ניט!

א צעפּאטלטער, מיט ווילדע, פארגאָסענע אויגנ איז ער צוגעלאָפנ צו וואסילינ אונ אימ פארשטעלט מיט זייַנ ברוסט.

דער דייַטשישער אָפיצער, א הויכער אונ א דארער, מיט א שמייכל אפנ טעמפּנ פּאָנעמ, האָט מיטנ פויסט א זעצ געטאָנ מיילעכנ איבערנ קאָפּ אונ זיכ געווענדט צו וואסילינ:

— דו האָסט באהאלטנ דעמ יודענ?! ענטפער! דו שווייַגסט? איר האָט זיכ צונויפגערעדט שווייַגנ? ווער זייַט איר? ברידער?!

— יאָ! ברידער! — האָט וואסילי אויסגעשריענ, אז דאָס גאנצע דאָרפ זאָל עס הערנ, אונ ער האָט זיכ געשטעלט אינ ריי, אקסל צו אקסל מיט מיילעכ רובינטשיקנ.

— ניינ. אייַכ ביידנ וועלנ מיר ניט שיסנ, צוליב וואָס? — האָט דער אָפיצער זיכ אָנגערופנ, — בלויז איינעמ פונ אייַכ וועלנ מיר שיסנ, וועמענ?

ער האָט אונטערגעטראָגנ צו וואסיליס אונ מיילעכס פּענעמער דעמ רעוואָלווער אונ זיכ פארגאנגענ פונ געלעכטער:

— ברידער, כא-כא-כא... איצט הערט אויס מייַנ באפעל! איכ גיב אייַכ די מעגלעכקייַט אַלייַנ באשטימענ, ווער פונ אייַכ דארפ געשאָסנ ווערנ, וויאזוי? איר וועט זיכ ביידע ראנגלענ, ווער ס׳וועט בייַקומענ, דעמ ווערט געשאָנקענ דאָס לעבנ. קיינ זיגער טייטנ מיר ניט. דעמ זיגער גראטולירנ מיר מיט בראוואָ, — אונ לויט זייַנ קאָ-

מאנדע האָבן די פארזאמלטע דײַטשישע סאָלדאטן גענומענ קלאפן מיט די הענט בראוואָ, ווי אפ א פארוויַילונג. — נו, אָנגעהויבן, איינס!

וואסילי און מיילעכ האָבן זיך איינער צום אנדערנ אויסגעקע-רעוועט מיט די פּענעמער. זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט, זיי האָבן לאנג-לאנג אריַינגעקוקט איינער דעם אנדערנ אין די אויגנ און האָבן דאָרט דערזען מענטשלעכע ווירדע, דערהויבנקייַט, פריַינט-שאפט, און אז זיי האָבן זיך נאָכדעם אומגעקוקט צו די דײַטשן, האָט דער אָפיצער דערזען אין זייערע אויגן א טיפן אָפּגרונט פונ סינע.

אויסער זיך פון קאס, פונ אומבאהאָלפנקייט צו איַינברעכנ דעמ גײַסט פונ די צוויי אלטע לײַט, האָט דער אָפיצער ניט מיט זײַנ קאָל א געשריי געטאָנ:

— איר אנטזאגט זיך אויספּילנ אונדזערע באפעלנ?! מיר וועלנ אײַך צווינגענ אויספּילנ, — און ער האָט אָפּגעגעבנ די סאָלדאטנ א פאראָרדענונג ברענגענ אהער א בריטשקע מיט א געשפּאנ.

מע האָט מיילעכנ מיט וואסילינ איַינגעשפּאנט אינ בריטשקע.

— ווער ס׳וועט פאלנ דער ערשטער, דעמ וועלנ מיר שיסנ.

אפ דער בריטשקע האָט זיך אוועקגעזעצט א דײַטשישער סאָל-דאט. ער האָט שטײַפ אָנגעצויגנ די לייצעס און א שניט געטאָנ מיטנ בײַטש-שטעקל אפריַער מיילעכנ, נאָכדעמ וואסילינ — ניאָ!

די בריטשקע האָט זיך גערירט פונ אָרט.

א הילכיק געלעכטער האָט באגלייט די בריטשקע ביזנ סאמע ארויספאָר פונעמ יישעוו. מיילעכ מיט וואסילינ זײַנענ געלאָפנ איבער דער לאנגער צעצויגענער גאס, פארבײַ די הײַזער, פארבײַ דעמ וויַינ-גאָרטנ און ארויס אינ אָפענעמ סטעפּ. הינטער זיי האָט גערייכערט א געדיכטער שטויב, ס׳האָט געקנאלט די בײַטש, זיך אריַינגעשניטנ אינ לײַב, און אנטקעגנ איז געלאָפנ א פריש ווינטל. ס׳איז שוינ גע-וועזנ סאָפּ טאָג, נאָר די זונ איז נאָכ אלצ געשטאנענ הויכ אינ הימל.

מיילעכ האָט צוביסלעכווייַז גענומענ צושטיינ. די קניכעס האָבנ אים שוינ פונ לאנג פארלאָזנ, נאָר ער איז נאָכ אלצ געלאָפנ. ס׳האָט אים געטריבנ די בושע... ער האָט געוואָלט אפ א וויַילע זיך אָפּשטעלנ איבערכאפּנ דעמ אָטעמ, נאָר אינ דער זעלבער רעגע האָט ער אפנ צעשונדענעמ לײַב דערפילט א שניט פונעמ בײַטש-שטעקל, און ער איז ווידער געלאָפנ.

— איכ קאָנ שוינ מער ניט, — האָט ער קוימ אויסגעשעפּטשעט, — איכ פאל, וואסילי!

— איך פֿאַל שוין אויך פֿון די פֿיס, נאָר מע מוז זיך אָנשטרענגען, מע מוז, איצט איז שוין געבליבן ניט קיין סאך. אָט איז דער ברונעם.

מײלעך האָט פֿאַרגיכערט די טריט. ער האָט זיך איצט ניט געדאַרפֿט פֿאַר קײנעם שעמען, ניט פֿאַר מענטשן, ניט פֿאַרן סטעפּ. זיך שעמען, וואָס ער, מײלעך, א זײדע פֿון אייניקלעך, האָט זיך געלאָזט אײַנשפּאַנען ווי א פֿערד און פֿירן א דײַטש. מײלעך האָט אויפֿגעהערט פֿילן דאָס בײַטש־שטעקל, ער האָט מער ניט געהערט, וואָס שרײַט דאָרט דער דײַטש. ער איז געלאָפֿן מיט די לעצטע קוי־כעס צום ברונעם.

נאָך אײנעם ערשטן זומער, ווען די ייִדן האָבן זיך באַזעצט אפֿן סטעפּ, האָבן זײ אפֿ אָט דעם אָרט געזוכט וואַסער. מע האָט געגראָבן א טיפֿע גרוב, זי נאָכדעם פֿאַרברײטערט, פֿאַרטיפֿערט, נאָר קײן וואַסער האָט זיך ניט געוויזן. די גרוב האָט מען צוריק ניט פֿאַרשאָטן. שטײט זי אזוי שוין היפּשע עטלעכע יאָר אין אָפֿענעם סטעפּ. צו דער גרוב האָבן מיט די לעצטע קוײכעס זיך געטראָגן די צוויי אײַנגעשפּאַנטע מענטשן, מײלעך רובינטשיק און וואַסילי טערענטיעוו.

אין דער סאַמע לעצטער רגע האָט מײלעך פֿאַריכן דעם קאָפּ צו דער בלויער זוניקער הייך, און אין דער זעלבער רגע האָט ער דערפֿילט, ווי די ערד האָט זיך אָפּגעטײלט פֿון זײַנע פֿיס.

ער און וואַסילי זײַנען געפֿלויגן אין א טיפֿן אָפּגרונט, און צוזאַמען מיט זײ איז אהין געפֿלויגן דער דײַטש.

# דעם מאַלכאַמאָוועסעס יאָרשים

עטלעכע און נײַנציק יאָר האָט אָפּגעלעבט אַפּ דער וועלט דער פאַריטשער פּליטנ-טרײַבער רעפּאָעל סורפּינ.

צו עטלעכע און נײַנציק יאָר האָט רעפּאָעל סורפּינ נאָכ אויסגעזעננ געננוג שטאַרק, און ווענ ניט דעם מאַלכאַמאָוועסעס יאָרשים, וואָלט ער נאָכ געקאָנט לעבנ און לעבנ...

אַז סע שטאַרבט אַ בוים, שטאַרבנ אָפּ אויכ די צווײַגנ, און אַז רעפּאָעל איז געשטאָרבנ, האָט ער נאָכ זיכ איבערגעלאָזנ אַ געזונטע געדיכטע פּאַנאַנדערגעוואַקסענע מישפּאָכע.

דאָס אור-אור-אייניקל זײַנס, הירשקע, איז געווענ זיכער, אַז אינעם געדיכטנ קאָלווירטישנ סאָד זייערנ וועט מענ ניט אָנציילנ אַזוי-פיל ביימער, וויפל אור-אייניקלעכ און אור-אור-אייניקלעכ עס קאָנ אָנציילנ דער זיידע רעפּאָעל, כאָטש ער האָט אַפּנ פאַריטשער בעסוילעם איבערגעלאָזנ אַ היפּש ביסל מאַציייוועס פונ זײַנ צעצווײַגטנ שטאַם. דאָרטנ, אינ דער אַמאָליקער היים זײַנער, אינ פאַריטש, איז דער מאַלכאַמאָוועס געווענ אַ גאַנצ אָפטער אַרײַנגייער צו רעב רע-פּאָעלנ אינ הויז. דאָס איז ער געקומענ נאָכ אַ זונ, דאָס נאָכ אַ טאָכטער, נאָכ אַנ איידעם, נאָכ אַנ אייניקל, און אים אליינ, רע-פּאָעלנ, האָט דער מאַלכאַמאָוועס שוינ אויכ געהאַט אַ פּאָר מאָל פאַר-בעטנ צו זיכ. נאָר אינ דער סאַמע לעצטער רעגע, ווענ עס האָט שוינ געהאַלטנ גאָר-גאָר שמאָל, זײַנענ זיי צווישנ זיכ דורכגעקומענ בעשאָלעם.

— אַפּאָנעם, אַז דער מאַלכאַמאָוועס האָט אַפּ אים קיינ שליטע ניט, — האָבנ מענטשנ געשמועסט אינ שטעטל, — אַ סוואָרע טאַקע, אַז רעב רעפּאָעל האָט אַ קאָנטראַקט מיטנ ריבוינע-שעל-אוילעם צו דערלעבנ מאָשיעכנ.

פונדעסטוועגנ, אַז די מישפּאָכע האָט זיכ געקליבנ איבערוואַנ-דערנ פונ פאַריטש קיינ קרים, האָט מענ זיכ גאַנצ לאַנג מעיאַשעוו געווענ, וואָס טוט מענ מיטנ זיידנ, וויאַזוי פירט מענ אים אַזאַ מעהאַ-

לעכ? מאלע וואָס עס קענ זיכ טרעפנ אינ וועג. נאָר מיט רעפאָעלנ האָט זיכ אינ וועג גאָרניט געטראָפנ. ער איז אפילע אָנ קיינעמס הילפ אראָפגעקראָכנ פונעמ וואָגנ, אונ די אייַנוווינער פונעמ ייִשעוו האָבנ פאר זיכ דערזענ א מיטלוווקסיקנ מונטערנ זאָקנ. פונ אונטער דער יארמלקע האָט ארויסגעקוקט א געדיכטער קאָפ האָר, וואָס האָט נאָכ ניט באוויזנ איינגאנצנ גרוי ווערנ, אונ אינ דער פייַנ צעקעמטער באָרד האָבנ זיכ נאָכ אויכ געהאט דורכגעוואָרפנ טונקעלע הערלעכ.

פיר אונ אכציק יאָר איז רעב רעפאָעל דעמלט אלט געוועזנ, אונ מע קאָנ ניט זאָגנ, אז די צוועלפ יאָר, וואָס ער האָט אָפגעלעבט אפנ קרימער סטעפ, האָבנ אימ שטארק געעלטערט. ער האָט זיכ קימאט אפילע ניט באנוצט מיטנ שטעקל, וואָס הירשקע האָט אימ געבראכט צו פירנ פונ שטאָט, אונ זייער זעלטנ זיכ גענוצט מיט די ברילנ, וואָס זייַנענ בא אימ טאָמיד געהאנגענ אפנ הויכנ שטערנ.

אינ די לאנגע זומער-כאדאָשימ, ווענ קינד-אונ-קייט האָבנ געטאָגט אונ גענעכטיקט אינ פעלד, איז רעפאָעל אויכ ניט איינגעזעסנ אינ שטוב. אינ שטעקשיכ, אינ א יארמלקע, מיט א פארלאטעטנ טאלעסקאָטנ אפנ קלאָר-ווייַסנ אונטערהעמד האָט מענ אימ אינ מעשעכ פונ טאָג געקאָנט טרעפנ באמ פארקערנ דעמ הויפ, באמ קאָרמענענ די אויפעס אָדער גאָר באמ פאָרענ זיכ מיט א גראָבייַזנ אינעמ דערבייַיִקנ סעדל. פארבייַפאָרער פונ די ארומיקע דערפער פלעגנ אָפשטעלנ פערד-אונ-וואָגנ אונ הויכ אפ א קאָל זיכ גריסנ מיטנ מונטערנ זאָקנ:

— א גוט-העלפ אייַכ, זיידע!

— א גוטער יאָר דיר, קינד מייַנס, זאָלסט דערלעבנ מייַנ עלטער אינ אוישער אונ אינ קאָוועד.

קאָוועד אפ דער עלטער האָט רעפאָעלנ ניט אויסגעפעלט. אפ די קאָלווירטישע יאָמטעוו-פארזאמלונגענ פלעגט מענ אימ אויסקלייַבנ אינ פרעזידיום. דעמ ערשטנ קאָנווערט בא וואלנ אינ סאָוועט האָט אינ אורנע אראָפגעלאָזנ רעפאָעל. די ערשטע פרוכט פונ וויַינגאָרטנ אונ פונ סאָד האָט מענ געבראכט רעפאָעלנ. ער איז דאָ געוועזנ די בראָכע אונ בענטשונג פונ גליקלעכנ עלטער. א שעמ-דאָווער אינ אלע ארומיקע ייִשווים אונ דערפער איז ער געוועזנ. אונ בא הירשקענ איז דער זיידע געוועזנ — דאָס שווארצאפל פונ אויג. א שטויב האָט ער אפ אימ ניט געלאָזנ פאלנ.

אונ ווי אפ צולאָכעס דארפ אָבער טרעפנ, אז אינ דעמ פינצטערנ זונטיק, וואָס איז אינ יענעמ יאָר אויסגעפאלנ דעמ צוויי-אונ-צוואנ-

ציקסטן יון, איז הירשקע ניט געווען אין דער היים. ער האָט זיך דאן געפונען מיט זיין טראקטאָר ווייט אין סטעפּ, און די שווארצע יעדיע איז צו אים דערגאנגען ווייט נאָך האלבן טאָג. א פארסאָפּע-טער, שווארץ ווי די ערד, איז ער געקומען צו לויפן פון סטעפּ און גלייך אריינגעפאלן אין שטוב געוויינט ווערן דעם זיידן. געטראָפן האָט ער רעפאָעלן זיצן און שאָקלען זיך איבער א סייפער.

— זיידע!

— דאָס ביסטו, הירשקע? גזיירע זייטש, א?

אין זיינע קליינע טאָמיד אונטערשמייכלענדיקע אויגן האָט הירש-קע דערזען א טיפן צער.

— נאָר אראָפּפאלן בא זיך, קינד מיינס, טאָר מען ניט. אין אזא צייט דאַרף מען זיך האלטן צוזאמען, ווי ס׳האלט זיך אין א גע-וויטער א פליט אפן וואסער. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיין קינד, כ׳האָב שוין באַרעכ־האשעם איבערגעלעבט ניט איין מאלכאמאָוועס, ניט איין ראָשע, ניט איין מאגייפע, און דערוויייל געדענק איך נאָך ניט דעם מעלעך, וואָס זאָל געווען פארטיליקן אונדזער מעדינע. לוי האָיאָ, אזוינס איז נאָך אפ דער וועלט ניט געווען. וועלוי יִהיע, און אזוינס וועט ניט זיין, וואיאָקאָם מעלעך כאָדאָש, איז אופגעקו-מען א נייער רוויצייעך, היטלער יִמאך שמוי, און מיינט, אז ער וועט פארטיליקן אזא פליט ווי ראסייע. ראסייע, מיין קינד, קאָן מען ניט פארטיליקן.

פול מיט פיין און טרויער זיינען געווען די טעג, נאָר רעפאָעל האָט זיך געשטארקט, גלייך ס׳וואָלט גאָרניט געשען. ער האָט יעדן טאָג זיך געפּאָרעט מיט א גראָבייזן אין פרוכטסעדל, געקאָרמעט די אויפעס אָדער פארקערט דעם הויף. נאָר אז קיינער האָט ניט געזען, האָט ער זיך צוגעזעצט אין שאָטן פון דיביימער, און דעמלט האָט ער געפילט, ווי ס׳גייען אים אויס די קויכעס. טרערן זיינען אים געשטאנען אין די אויגן. נאָר קוים פלעגט זיך עמעצער באווייזן, איז שוין רעפאָעל געווען אפ די פיס, קיין סימען פון געפאלנקייט אפ זיין פּאָנעם.

— איר וועט זען, יידן, — האָט ער אלעמען געטרייסט און גע-מונטערט, — אז ס׳וועט אימירצע־האשעם זיין גוט, דעריקער איז ביטאָכן.

און אז דער סוינע האָט זיך דערנעענטערט צו די קרימער פּאָדן, האָט רעפאָעל סורפיו אָנגעהויבן אלעמען אונטערטרייבן:

— וואָס זיצט איר? פּאָרט אוועק!

— און איר, זיידע?

— איכ? וואָס גלײַכט איר זיכ צו מיר? ווו וועל איכ זיכ גײנ שלעפנ? אונ ווידער, אז דער מאלכאמאָוועס האָט מיכ ניט גענומענ, וועט מיכ היטלער נעמענ? כע, כ'האָב אימ אינ דר'ערד...

די רעכטע בעהאָלע אפ די ייִשוווימ האָט זיכ אָנגעהויבנ באלד נאָכנ שניט. אינ די דערפער איז שוינ קימאט ניט פארבליבנ קײנ אײנ יונגער מענטש. וועמענ מע האָט גערופנ, אונ ווער ס'איז אלײנ אוועק אפנ פראָנט, קימאט יעדנ טאָג האָט רעפאָעל ארויסגעבאגלײט פונ דער הײמ אנ אײניקל, אנ אור-אײניקל, ער האָט זײ צוגע-ווונטשנ דערלעבנ זײַנ עלטער אונ דערבײַ אָנגעזאָגט, זײ זאָלנ ניט פארגעסנ שרײַבנ אָפטע בריוולעכ. געבליבנ זײַנענ אפ די ייִשוווימ בלויז אלטע לײַט, ווײַבער מיט קינדער. באטאָג האָט מענ געלופ-טערט דאָס בעטגעוואנט, געטריקנט אפ דער זונ קרײַצעס ברויט אונ צוביסלעכ געפאקעוועט דאָס האָב-אונ-גוטס. באנאכט איז מענ געלעגנ אינעמ אָנטאָנ, אונ באמ מינדסטנ רויש איז מענ מיט ברעקלעכ קינ-דער אפ די הענט געלאָפנ אינ פינצטערנ סטעפ.

א שווערער טרויער האָט זיכ פארקליבנ אינ די ייִדישע ייִשוווימ.

אינ די שטאלנ זײַנענ די קי געשטאנענ ניט געמאָלקנ, די אוי-פעס ניט געהאָדעוועט. דער געוווי פונ די עלנטע הינט, דאָס ציק-לענ זיכ פונ די פאריאָסעמטע טשערעדעס שעפסנ האָט ווי מיט א מעסער געשניטנ איבערנ הארצנ.

רעפאָעל סורפינ האָט ניט געקענט צוזענ דעמ צאר. אײַנגעהוי-קערט אונ דערשלאָגנ האָט ער גאנצע טעג געבלאָנקעט איבערנ פאר-לאָזענעמ סטעפ אונ זיכ דאָרט אויסגעטײַנעט מיטנ באשעפער פונ דער וועלט, אפ וועלכער ער האָט אָפגעלעבט קימאט פולע הונ-דערט יאָר.

— ריבוינע-שעל-אוילעמ, פארוואָס?

אינ א מיטנ העלנ טאָג פונ סאָפ זומער האָט זיכ אָנגעהויבנ די עוואקואציע.

פול מיט זונ אונ מיט פײַנ איז געווענ יענער סאָפ-זומערדיקער טאָג. אינעמ גרויסנ קאָלווירטישנ הויפ איז געשטאנענ א דעווערײַ פונ די צונויפגעטריבענע טשערעדעס פי. אפ די גאסנ — א געפילדער פונ די אויפעס, וואָס מע האָט איבערגעלאָזנ אפ העפקער, די טירנ פונ אלע הײַזער זײַנענ געווענ ברייט צעעפנט, מע האָט ארויסגע-טראָגנ דאָס ביסל אָפגעקליבענע האָב-אונ-גוטס. ארומ די אײַנגעשפאנ-טע וועגענער אונ מאָזשארעס איז געשטאנענ א יעלאָלע ווי באמ ארויסבאגלײטנ א מעס.

די זון איז שוין געשטאנען אין מיט פון הימל, נאָר רעפּאָעל האָט זיך אין יִשעוו ניט אומגעקערט. דער גרויסער צאר האָט אים פאַר־טריבן ווײַט אין פעלד. הירשקע איז דעם גאנצן טאָג ארומגעלאָפן זוכן דעם זיידן. ווו איז ער שוין ניט אויסגעוועזן? נאָר דעם זיידן האָט ער אין ערגעץ ניט באגעגנט. ערשט ווײַט נאָך האלבן טאָג האָט ער געטראָפן דעם זיידן ליגן אונטער א סקירדע היי.

— זיידע, ווו...

— וואָס, הירשקע, שוין צײַט, אפאָנעם, זיך זעגענען? מע צעפּאָרט זיך טאקע, א? און דו, מײַן קינד, האָב איך געהערט, בלײַבסט הי, אין די בערג פאר א פּארטיזאַן גייסטו? גיי, מײַן קינד, גיי.

ווען זיי זײַנען אריַינגעקומען אין יִשעוו, זײַנען שוין אלע הײַ־זער געווען פארהאקט. מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ זײַנען בא די אָנ־געלאָדענע פורן געשטאנען אלטע יִדן, גרייט זיך לאָזן אין וואנ־דערוועג.

— זיידע, ווו זײַט איר עס פארפאלן געוואָרן? — האָט מען צו אים אראָפּגעשריִען פון אלע פורן, — זעצט זיך אויף, זיידע. שוין צײַט פאָרן.

— הייסט עס, פאָרט איר טאקע אוועק, — האָט רעפּאָעל זיך אָנ־גערופן, — נו, פאָרט געזונט און האָט א גליקלעכע רײַזע.

— און איר?

— ווהין וועל איך זיך נאָכשלעפּן?

— ס'הייסט, איר ווילט בלײַבן הי? — האָט מען אים פון אלע זײַטן ארומגערינגלט, — איר האָט דאָך א גאנצן זומער געהאלטן אלע־מען אין איין אונטעריאָגן, מע זאָל פאָרן, און צום סאָף ווילט איר גאָר בלײַבן הי. דער מאלכאמאָוועס איז דאָך שוין אָט־אָט... ס'הייסט, מיר וועלן אײַך דאָ איבערלאָזן?!

— קינדער מײַנע, וואָס גלײַכט איר זיך צו מיר? — האָט רעפּאָעל סורפּין דערויף געענטפערט, — פאר מײַנע קויכעס דען זיך גיין שלעפּן אין אזא וועג? און ווידער, אז דער מאלכאמאָוועס האָט מיך ניט גע־קאָנט נעמען, איז, ווי קלערט איר, וועט מיך היטלער נעמען? כ'האָב זיי אין דר'ערד. וואָס זײַנען זיי — שטארקער פונעם מאלכאמאָוועס? פאָרט געזונט, און לאָמיר האָפן, אז מיר וועלן זיך אינגיכן ווידער זען אין א גוטער און א מאזלדיקער שאָ.

דערזען, אז פון דעם אײַנריידן וועט גאָרניט ארויס, האָט זיך אָנגערופן הירשקע:

— מיט געוואלט וועט איר אים דאָך ניט צווינגען, און עפּשער

איז טאקע דער זיידע געדעכט. וואָס וועט ער זיך גיינ שלעפנ אזא ווײַט, עס גייט צו ווינטער. בלײַבנ מיר, הייסט עס, דאָ, זיידעניו, זאלבעצווייט. זײַט זיכער, — האָט הירשקע בארויִקט די מישפּאָכע סור-פּינ, — קאָלזמאנ איך בינ דאָ, וועט דעמ זיידנ גאָרניט פעלנ, און אויב סע וועט האלטנ שמאָל, וועל איך דעמ זיידנ ניט איבערלאָזנ. איר מעגט זיך אפ מיר פארלאָזנ.

און די מישפּאָכע איז אײַנגעגאנגענ, אפ הירשקענ האָט מענ זיך געקאָנט פארלאָזנ.

א ברייטער אײַנגעפאָרענער וועג שנײַדט דורכ די געדיכט פאר-בויטע גאסנ פונ ייִשעוו און ציט זיך נאָכדעמ אוועק בארג-אראָפּ צווישנ פעלדער, באשטאנענע און ווײַנגערטנער. קײַלעכיקע זומערס האָבנ איבערנ זעלבנ וועג זיך געטראָגנ אָנגעלאָדענע אווטאָס מיט ווייץ, פורנ מיט אויבס און גרינס. קינדער האָבנ זיך דאָ געשפּילט, און באָכערימ מיט מיידלעכ פלעגנ מיט לידער זיך צוריקקערנ פונ פעלד. איצט האָבנ איבערנ זעלבנ וועג, ווי איבער א מידבער, זיך געשלעפּט ייִדנ מיט ווײַב-און-קינד, טשערעדעס פי, מאָזשארעס מיט אָנגעוואלגערטנ האָב-און-גוטס. ס'האָט געדוכט, אז די ערד האָט גע-קרעכצט פונ וויי.

און אז די לעצטע פור איז פארשוווּנדנ אינ רויכיקנ שטויב און די סאָפּ־טאָגיקע זונ האָט זיך באהאלטנ הינטער די פארומערטע בערג, איז רעפאָעל סורפינ נאָכ אלצ געשטאנענ אפנ וועג און געקוקט צו דער טונקעלער ווײַט, וואָס האָט אימ צעשיידט מיט זײַנ צעצווײַגטנ שטאמ, און געפילט האָט ער דערבײַ, אז ער האָט זיך מיט זיי צע-שיידט אפ שטענדיק.

— ווו איז דאָס הירשקע? — האָט רעפאָעל ווי זיך אופגעכאפּט פונ א טיפנ שלאָפ, — אוועק זיי באגלייטנ?

אײַנגעהויקערט און דערשלאָגנ האָט ער זיך געלאָזנ איבערנ פוסט פארבליבענעמ ייִשעוו. ער איז געגאנגענ און זיך אָפּגעשטעלט. גע-גאנגענ און זיך אָפּגעשטעלט. ס'האָט זיך אימ געדוכט, אז מע גייט אימ נאָכ. דער טרויער פונ פאריאָסעמטנ סטעפ איז אימ נאָכגעגאנגענ.

ביז טיפ אינ אָוונט האָט ער זיך אזוי אומגעשלעפּט איבער די לאנגע אויסגעשטאָרבענע גאסנ. לעבנ יעדער שטוב האָט ער זיך אָפּ-געשטעלט, ארײַנגעקוקט אינ די פארהאקטע פענצטער, אינ די פוסטע שטאלנ, זיך צוגעהערט צו דער נאָגנדיקער שטילקײַט און געפרעגט בא זיך אליינ:

— האַ? טאקע קיינער ניטאָ? אוועקגעפאָרנ, האַ?

יעטווידן טאָג האָט דער איין-און-איינציקער פארבליבענער מענטש אינעם יישעוו, דער טיפער זאָקן רעפאָעל סורפּיג, אזוי ארומגעבלאָנקעט איבער די אויסגעשטאָרבענע גאסן, איבערן עלנטן סטעפּ. פּלוצעם פלעגט ער בלייבן שטיין מיטן פּאָנעם צו דער וויַיט — עפּשער וועט אפּן שטויביקן וועג זיך פּאָרט עמעצער באוויַיזן. אין זײַנע אויסגעטריקנטע אויגן איז געלעגן א טיפער צאר און א לייַדנשאפטלעכע בענקשאפט נאָך מענטשן, צווישן וועלכע ער האָט אָפּגעלעבט אפ דער וועלט קימאט פולע הונדערט יאָר. מיט יעדן טאָג איז רעפאָעל געוואָרן מער איַינגעטריקנט, די הענט האָבן גענומען ציטערן, די פיס האָבן זיך שוין קוים באוועגט, און ער האָט זיך אלץ געשטארקט.

— ביטאָכן, — האָט ער זיך אליין געטרייסט, — ס'וועט נאָך זיַין גוט, ס'מוז זיַין גוט.

געטרייסט האָט ער אי זיך, אי די פארהאקטע היַיזער, אי דעם עלנט פארבליבענעם סטעפּ.

— זיידע, די דיַיטשן זײַנען שוין אין שטאָט, — האָט הירשקע צו אים איינמאָל געזאָגט, — טאָרסט דאָ מער ניט בלייַבן.

— כ'וועל, מיַין קינד, פונדאנען אין ערגעץ ניט אוועק, דארפ מיך דער מאלכאמאָוועס, וועט ער מיך אומעטום געפינען.

— די דיַיטשן, זיידע, זײַנען ערגער פונעם מאלכאמאָוועס.

— ערגער פונעם מאלכאמאָוועס? וואָס קאָן שוין זײַן ערגער פונעם מאלכאמאָוועס?

נאָך די דורכגעגאנגענע שלאקסרעגנס האָבן זיך איַינגעשטעלט זוניקע עלעל-טעג. יעדעס יאָר אין דער צייַט איז בא רעפאָעלן אין הויז געווען א מיניען. מע האָט געבלאָזן שויפער. איצט איז ער אייגער אליין געשטאנען בא דער מיזרעכ-וואנט אין טאלעס-און-טפילן.

די נאכט פאר יאָמקיפער איז אהער אראָפּגעקומען אן אומבאקאנטער מענטש און צוזאמען מיט הירשקען זיך לאנג, לאנג געפּאָרעט אינעם גרויסן קאָלווירטישן קלוב. פארן פארלאָזן דאָס דאָרפ זײַנען זיי ביידע צוגעשטאנען צו רעפאָעלן:

— איר מוזט די רעגע פארלאָזן דעם יישעוו.

נאָר רעפאָעל האָט זיך געטיַיגעט זײַנס:

— ווהינ? אז דער מאלכאמאָוועס האָט מיך ניט גענומען, וועלן מיך די היטלערצעס נעמען?

דערזען, אז ס'וועט גאָרניט העלפן, האָט הירשקע זיך ווארעם געזעגנט מיטן זיידן און דערבייַ אים איַינגערוימט אפּן אויער:

— זיידע, צום קלוב זאָלסטו נאָענט ניט צוגיין, געדענק, זיידע.
— וואָס האָב איך וואָס צו טאָן אין קלוב?
— און מאָרגן קאיאָר, זיידע, קום איך נאָך דיר מיט א פערד און וואָגן. די דײַטשן זײַנען שוין גאָר נאָענט.

א בלויע און אויסגעשטערנטע איז געווען די נאכט פון יאָמקיפּער. רעפּאָעל האָט צוגעראַמט אין שטוב, אָנגעצונדן ליכט אין די מעשענע לײַכטער, ארופגעצויגן אף זיך דעם ווײַסן קיטל, דעם טאלעס אריבער־געוואָרפן איבערן קאָפּ און מיט א פארשטיקט קאָל אופגעריסן די שטילקײַט פון דער נאכט.

— קאָלנידרע, וועעסאָריי... איי, איי, איי, איי...

וואָס אמאָל איז דאָס קאָל געוואָרן שטארקער, קרעפטיקער.

— זכויר לאָנו בריס אָוועס...

דער טרויער פון פאָלק האָט ארויסגעשריִען פונעם זאָקן. די גוורע פון פאָלק איז געלעגן אין זײַנע הענט, וועלכע האָבן געטריבן פליטן איבער די רוסישע טײַכן.

מיטאמאָל האָט ער דערפילט א שווערן זעץ איבערן קאָפּ. רע־פּאָעל האָט מיטביידע הענט זיך אָנגעכאפּט פארן טיש און פאמעלעך ארויסגערוקט פון אונטערן טאלעס דעם צעבלוטיקטן קאָפּ. די שטוב איז געווען פול מיט שאָטנס פון די צאנקענדיקע ליכט. אומבאקאנטע מענטשן זײַנען געשטאנען אנטקעגן אים מיט אָנגעשטעלטע ביקסן. דאָס זײַנען זיי, דעם מאלכאמאָוועסעס יאָרשים, אפּאָנעם.

— פארפלוכטער יודע!

— הא? וואָס טו איך דאָ? — האָט רעפּאָעל צעטומלט געשטאמלט, — גאָרניט, הײַנט איז יאָמקיפּער אף דער וועלט.

א שטארקער זעץ איבערן קאָפּ האָט אים אומגעוואלגערט אפן דיל.

די דײַטשן האָבן געשלעפּט רעפּאָעל סורפּינען צום העל באלויכ־טענעם קאָלווירטישן הויף. זיי האָבן אים דאָרטן אָפּגעגאָסן מיט וואַ־סער און געשטעלט אף די פיס. רעפּאָעל האָט אופגעעפנט די אויגן און פארשטיינערט געקוקט צום מיטאמאָל אופגעלעבטן יישעוו. דאָס זײַנען די נײַע באלעבאטים?

— אף לאנג, א? — האָט ער געפרעגט בא דער נאכט.

אין סטעפּ איז געווען ליכטיק. ס'האָבן געברענט די ארומיקע יישווים, די ווײַנגערטנער און סעדער. רעפּאָעל האָט אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צום גרויסן קאָלווירטישן קלוב. אין אלע פענצטער איז דאָרט געווען שײַן, ס'האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן פריילעכע קוי־לעס, ווי אף א כאסענע. מיט א ברענענדיקן שטורקאץ אין די הענט

איז אין הויף אַרײַנגעלאָפן א דײַטש. ער האָט אונטערגעצונדן ד שטאַלן און שפּײַכלערס, און מיטן שטורקאַץ אין האַנט איז ער גע־בליבן שטיין אַנטקעגן רעפאָעלן:

— א ראַבינער?

— הײַנט איז יאָמקיפּער אַף דער וועלט, — האָט רעפאָעל פאַר־שמאַכט געשטאַמלט, — יאָמקיפּער איז הײַנט. ס'ווערט געכאַסמעט...

מיטאַמאָל האָט די ערד אונטער זײַנע פיס א ציטער געטאָן. ווי אַן אונטערגעצונדענער פליט האָט אינמיטן יִישעוו געפלאַקערט דער אויפגעריסענער קאָלווירטישער קלוב.

— ס'איז, אפּאָנעם, דײַן אַרבעט, א, הירשקע, — האָט רעפאָעל ווי א הייליקע טפילע געשעפּטשעט אין זיך. — זאָלסט דערפאַר דערלעבן מײַן עלטער אין אוישער און אין קאָוועד, זאָל דיר...

די בראָכע האָט רעפאָעל ניט פאַרענדיקט. דער דײַטש האָט פאַרצויגן דעם טאַלעס אַרום זײַן האַלדז און געשלעפּט אים צום צעבושעוועטן פײַער פון די אונטערגעצונדענע שפּײַכלערס...

# א מאציווע

דאָס ערשטע מאָל פאר אזויפיל יאָר איז געדאליע בערנשטאמס וווינונג געבליבנ פוסט, די געלעגערס ליידיק, דער סאמאָוואר ניט געשטעלט, די לאָמפּנ ניט אָנגעצונדנ. דאָס ערשטע מאָל פאר אזוי-פיל יאָר איז היינט קיינער ניט איבערגעטראָטנ די שוועל פונ דער שטענדיק באלעבטער שטוב זיינער, וואָס פלעגט ביז וויַיט אינ דער נאכט לויכטנ צו דער גאס מיט די קליינע היימלעכע פענצטער. ערשט דעמלט, ווענ פונעמ שטילנ פּאָלוסטאנאָק פלעגט אָפּגיינ דער לעצטער באנאכטיקער צוג, האָט געדאליע אויסגעלאָשנ די שיינ אונ געמאכט נאכט, נאָר די טיר פונ שטוב האָט ער ניט פאריגלט. די טיר פונ שטוב איז טאָג אונ נאכט געשטאנענ אָפנ פאר די פּאסאזשירנ, וואָס זיינענ פונ די דערפער אונ פונ שטאָט אהער פאַרפאָרנ ווי צו זיך אהיימ.

מערסטנטייל פלעגנ זיך בא אימ אָפּשטעלנ די יידישע פויערימ פונ די ארומיקע יישווימ. דער האָט געוואַרט אפ א צוג אפ פאָרנ אינ שטאָט אריינ, דער אפ א מאשינ צי אפ א פור צו זיך אינ דאָרף, אונ ווארטנ איז צייטנווייז אויסגעקומענ גאנצ לאנג.

אינ די טיפ הארבסטיקע טעג, ווענ מע האָט קיינ פוס ניט גע-קאָנט שטעלנ אינעמ געדיכט-קלעפּיקנ סטעפּ, איז זיינ וווינונג געווענ ענלעך צו א טומלדיקנ וואָקזאלכל: א מינוט איז דאנ די טיר ניט געשטאנענ פארמאכט.

דער באלעבאָס פונ דער אכסאניע, דער זיבעציק-יאָריקער געדאליע בערנשטאמ, א הויכער, א ביינערדיקער ייד מיט קליינע טרוקענע אויגנ אונ בייזע ברעמענ, האָט, ווי א מעכוטנ אפ א כאסענע, אופגענומענ די אָרכימ. געווענ צייטנ, אז ס'איז שוינ, דאכט זיך, ניט געווענ ווו א נאָדל צו ווארפנ, נאָר געדאליע האָט קיינעמ ניט אָפּגעזאָגט. יעדנ איינעמ האָט ער באגעגנט מיט די זעל-בע בייז אָנגעכמורעטע ברעמענ, אפ וועלכע קיינער האָט סיַיווי ניט געלייגט קיינ אכט, וואָרעמ דאָס קאָל איז בא אימ דאָך טאָמיד געווענ ווייך אונ ביז גאָר פריינטלעך.

— רעב אויזעכ, — פלעגט געדאליע זיכ ווענדנ צו די פאסא-זשירנ, — א כאלע אפ קידעש האָט איר כאָטש מיט זיכ פארכאפט? וואָרעמ ווי איכ זע, וועט אײַכ שאבעס אויסקומענ האלטנ בא מיר. אונ אויב ס'וועט ניט נעמענ קיינ פרעסטל, קאָנ גאנצ געמאָלט זײַנ, איר זאָלט בא מיר האלטנ צוויי שאבאָסימ אויכ! וואָס-וואָס, נאָר דעמ סטעפ, באָרעכ-האשעמ, קאָנ איכ גאנצ גוט. אײַ, איז ער א קאפריזנער, דער סטעפ!

צומ אלעמ ערשטנ פלעגט געדאליע באזאָרגנ דאָס קליינוואַרג. קינדער האָט געדאליע ליב געהאט — ס'כיעס. טאָמער האָט פאר א קינד אויסגעפעלט א בעטל (אונ געטראָפנ האָט עס גאנצ אָפט, באזונדערס אינ הארבסט), האָט ער אָפגעטראָטנ זײַנ אייגנ געלעגער.

— רעב געדאליע, — פלעגנ זיכ די ווײַבער אוועקשטעלנ מיט אימ שפארנ, — אָטער, אויב מיר וועלנ פארנעמענ אײַער אָרט, ס'הייסט...

— ווער איז דאָ באלעבאָס, איכ צי איר, — האָט ער זיכ אפ זיי צעשריענ, — עס געפעלט אײַכ ניט בא מיר, האָט איר די ברייִרע זיכ זוכנ אנ אנדער אכסאניע. געהערט אמאָל, איר ווילט, איכ זאָל די קינדער לייגנ אפנ דיל, אונ זיכ אינ בעט, א?

— אָבער, רעב געדאליע...

— כ'האָב דאָס אײַכ שוינ טויזנט מאָל געזאָגט, אז איר האָט די ברייִרע זיכ זוכנ אנ אנדער אכסאניע.

געדאליע האָט מיט דעמ קיינעמ ניט געשראָקנ. ער האָט עס געמיינט גאנצ ערנסט. אינ שטעטל, וואָס איז געלעגנ הארט בא דער אײַזנבאנ-ליניע, איז געוועזנ נאָכ אנ אכסאניע, נאָר די פויערימ פונ די יידישע דערפער האָבנ קימאט ניט געוווּסט, וויאזוי די טיר עפנט זיכ דאָרט אוף. ס'הייסט, זיי וועלנ זיכ אָפשטעלנ ניט בא בערנשטא-מענ? בא אימ איז דענ אנ אכסאניע? ווי בא זיכ אינ דער היימ פילט מענ זיכ דאָכ דאָ.

די גרויסע פרײַ-טשאפט צווישנ געדאליע בערנשטאמענ אונ די יידישע פויערימ ציט זיכ שוינ א היפש ביסל יאָרנ. זי ציט זיכ, די פרײַנטשאפט, אזש פונ יענער הארבסטיקער נאכט, ווענ אפנ פארגאָסענעמ פעראָנ זײַנענ אראָפגעשטיגנ פונ צוג די ערשטע יידישע איבערוואנדערער.

— וואָס אשטייגער וועט איר דאָ אויסזיצנ אפ דער קעלט, — האָט דער היגער טוישעוו, געדאליע בערנשטאמ, צו יענער צײַט נאָכ א גאנצ קרעפטיקער ייִד, זיכ אָנגערופנ צו די איבערוואנדערער, — ביזוואנענ מע וועט נאָכ אײַכ ארויסשיקנ פורנ, קאָנט איר זײַנ בא מיר.

דאָס ווײַב זײַנס, לייע, איז צוויי מאָל גרעבער פונ אימ אונ אינ ווּוּקס ניט אפּ קיינ סאכ נידעריקער, איז באלד אוועקגעלאָפנ צו די שכיינימ לײַענ בעטלעכ, טישנ, בענקלעכ אונ זיכ געשטעלט גרייטנ געלעגערס. געדאליע האָט צעבלאָזנ דעמ סאמאָוואר.

— ע, יידנ, אָט דאָס, זעט איר, האָב איכ שוינ פײַנט. וואָס זיצט איר אזוי פארזאָרגט? — האָט געדאליע גענומענ מונטערנ די איבערוואנדערער, וואָס זײַנענ געזעסנ מיט פארדײַגעטע פּענעמער אונ ארויסגעקוקט צו דער שטאָק-שווארצער נאכט אפּ יענער זײַט פענצ-טער. — כ'פארשטיי ניט, מע האָט אײַכ, כאָלילע, געגנייט פאָרנ אהער, צי איר זײַט געקומענ מיטנ אייגענעמ ווילנ, א? אונ וויבאלד איר זײַט געקומענ בויענ א לעבנ...

— גרינג צו זאָגנ — פונסנײַ בויענ א לעבנ.

— כ'ווייס, אז ס'איז ניט גרינג, נאָר גלייבט מיר, אז קיינ כאראָ-טע וועט איר דערבײַ ניט האָבנ. איכ ווינ שוינ דאָ א קײַמעלאָנ א יאָר פופציק אונ קאָנ דעמ סטעפּ ווי מײַנע פינפ פינגער. דאָ איז א מאָקעמ פונ האָניק אונ מילכ. ווענ איכ בינ א ביסל יינגער, וואָלט איכ זיכ. אויכ אריבערגעקליבנ אינ סטעפּ, כאָטש מיר איז דאָ אויכ ניט שלעכט. כ'האָב אָבער ליב בויענ א נײַע זאכ. ס'איז שוינ א כאלאס אזא בא מיר — בויענ! פאָרנדיק אהער, האָט איר מיסטא-מע באמערקט אונדזער עלעוואטאָר. דאָס האָב איכ מיט מײַנ דאָווידנ אָלעוו-האשאָלעמ געהאָלפנ אימ בויענ. איכ בינ דאָ אינ שטעטל דער ערשטער ייד, א בכאָר. אלע יאָרנ אָפּגעהאָרעוועט אפנ עלעוואטאָר. נו, יידנ, זײַט זיכ מעכאבעד מיט א הייסער גלאָז טיי אונ לאָמיר האָפנ, אז איר וועט זיכ אײַנפונדעווענ אינ סטעפּ אינ א גוטער, אינ א מאזלדיקער שאָ.

פונ יענעמ אפדערנאכט איז געדאליע בערנשטאמ געוואָרנ בא די איבערוואנדערער א ביז גאָר נאָענטער מענטש. פלעגט עמעצער דארפנ פאָרנ אינ שטאָט ארײַנ, האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט בא געדאליענ וואַרטנ אפנ צוג. פונ שטאָט צוריק אינ יישעוו — האָט מענ זיכ ווי-דער אָפּגעשטעלט בא בערנשטאמענ. אונ אזוי איז ביסלעכווייז זײַנ וווינונג פארוואנדלט געוואָרנ אינ א מינ אכסאניע. א מינוט איז די טיר ניט געשטאנענ פארמאכט. אונ הײַנט, דאָס ערשטע מאָל פאר אזויפיל יאָרנ, איז געדאליע געבליבנ מיט זײַנ לייענ אויג אפּ אויג אינ דער פוסטער פארלאָזענער שטוב.

— זיכ דערלעבט, א, לייע?

— געדאליע, זײַ ניט קיינ אקשנ, געדאליע, — האָט זי ווידער-

אמאָל געגומען מיט אים איינטייגען, — אלע צעפּאָרן זיך, לאָמיר אויך פּאָרן. זשאַלעווען די שטוב! מענטשן לאָזן איבער גרעסער גוטס.

— ניט די שטוב האַלט מיך דאָ, לייע.

— איז וואָס דען? מע שמועסט דאָך, אז דער דײַטש איז שוין גאָר נאָענט.

— איך ווייס, אלץ ווייס איך, — און מער קיין וואָרט. שטום ווי די וואנט איז ער די גאנצע נאכט אָפּגעזעסן באַם פענצטער און גע-קוקט צום גרינעם שטעטל, אין וועלכן ער האָט אָפּגעלעבט איבער פופציק יאָר.

און אז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, איז געדאַליע שוין געווען אַפּ זײַן דאָווידס קייווער, וואָס האָט זיך געפונען אַפּ יענער זײַט טראַקט. ער איז געשטאַנען באַם ארומגעצאַמטן קייווער פון זײַן זון און שטיל געלייענט די אויסגעקריצטע ווערטער אַפּ דער מאַצייווע:

„דאָ איז געבראַכט צו קווורע דער העלדישער פּאַרטיזאַן דאָוויד געדאַליעוויטש בערנשטאַם, וועמען די דײַטשן האָבן אופגעהאַנגען אין 1918 יאָר".

— און איצט טרעטן ווידער איבער אונדזער ערד די דײַטשן!

ער האָט אופגעהויבן די אָנגעגאָסענע אויגן צום טראַקט. ביזן סאַמע האָריזאָנט איז דער שטויביקער וועג געווען באַלאַגערט פון מענטשן, וועגענער, טשערעדעס פי. דער גאנצער קאַנט האָט זיך געלאָזן אין וואַנדער-וועג.

— בלײַב איך, הייסט עס, אליין, אַ? איין ייִד אין שטעטל. אָדאָם און כאַווע, איך און לייע, און מער קיינער, אַ? אמאָל בין איך דאָ געווען דער ערשטער ייִד, איצט בין איך דער לעצטער.

— רעב געדאַליע!

— האַ?

— רעב געדאַליע, — האָבן צו אים אראָפּגעשריִען פון די פורן עטלעכע פארבײַפאָרער, — וואָס קלערט איר זיך? קאָלומאַג ס'איז ניט שפּעט, איז זעצט זיך אופ און פאָרט.

— זיך אופזעצן, זאָגט איר, און פאָרן, אַ?

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום שטעטל, צום סטעפּ, צו דעם זונס מאַצייווע.

— איבערלאָזן אלץ אַפּ העפקער, אַ?

— מענטש, וואָס איר זײַט, ווער טראַכט עס איצט וועגן די טויטע, אז די לעבעדיקע שטייען אין סאַקאָנעס. דער דײַטש...

— איך ווייס! איך קאָן זיי, די דײַטשן! ווען מע האָט דאָווידן

געפירט צו דער טליִע, האָט ער דעם גאַנצן וועג געשוויגן, נאָר אַז מע האָט אים אָנגעטאָן די שטריק אַפן האַלדז, האָט ער אויסגע-שריִען צום האַמוין: „כאַווייריִם, נעמט נעקאָמע!" איז ווער וועט זיך שלאָגן מיטן דײַטש, אויב אַלע גייען אַוועק? ווער?

— ניט אַלע גייען אַוועק, כאַווער בערנשטאַם,— האָט זאַלמען-לייב שאַפּירע, אַ מיטלוואָקסיקער ברייטפּלייציקער יונגערמאַן זיך אָנ-גערופן,— אָן טײַכן דײַטשיש בלוט וועלן מיר אים אין אונדזער היים ניט אַרײַנלאָזן. אָן בלוט, כאַווער געדאַליע, וועט דער דײַטש קיין איין טראָט ניט שטעלן אַף אונדזער ערד! ניאָ! — און זאַלמען-לייב האָט אַ יאָג געטאָן מיטן פערד-און-וואָגן צום געדיכטן באַלאַגערטן טראַקט.

ווען די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל און אין בלאָנדן שטויב אין פאַרשוווּנדן די לעצטע פור, האָט געדאַליע זיך געלאָזן צוריק אין שטעטל אַרײַן. געגאַנגען איז ער לאַנגזאַם און דערבײַ אַליין ניט באַמערקט, ווי ער האָט פאַרקערעוועט צום עלעוואַטאָר. וויפל ציגל און ליים האָט ער מיט זײַן דאָווידן איבערגעשלעפּט אַף די פּלייצעס פאַר אָט דעם גרוי-טונקעלן מויער מיט די געדיכט באַזעצטע פענצטערלעך, וויפל זעק ווייץ האָט ער מיט זײַן דאָווידן אַרופגעשלעפּט אין דער הייך. אַ שטיל באָכערל געווען דאָוויד. גאָר אַ שטילער. מע האָט פון אים קיינמאָל קיין הויך וואָרט ניט געהערט.

ווען די דײַטשן האָבן אין דער ערשטער מילכאָמע אָקופּירט דאָס שטעטל, איז דאָוויד פּלוצעם נעלעם געוואָרן, אַרײַן ווי אין וואַסער. געדאַליע איז נאָך דעמלט געווען גאָר אַ קרעפטיקער ייִד. אַ טרעגער איז ער געווען אַפן עלעוואַטאָר. איינמאָל באַנאַכט, ווען די דײַטשן האָבן געלאָדן עשעלאָנען מיט טוווּע, האָט דער עלעוואַטאָר פּלוצעם אופגעלויכטן מיט אַ העלישן פלאַם. דאָס גאַנצע ברויט איז אַוועק מיטן פײַער. ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן, אַז דאָס איז דאָווידס אַרבעט, אַז דאָס האָט זײַן דאָוויד אונטערגעצונדן דעם עלעוואַטאָר. דאַכט זיך, אַזאַ שטיל באָכערל געווען. די דײַטשן האָבן אים גע-כאַפּט און האָבן אים אופגעהאַנגען. קינד-און-קייט האָבן זיי צונויפ-געטריבן אַפן פּלאַץ, ווו ס'איז געשטאַנען די טליִע. אַ גאַנצע וואָך איז נאָכדעם געהאַנגען זײַן קערפּער. צו קוווּרע האָבן אים געבראַכט די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך אומגעריכט אַרײַנגעריסן אין שטעטל. נאָכדעם האָט מען דאָווידן אַוועקגעשטעלט אַ מאַצייווע. דרײַ און צוואַנציק יאָר איז שוין דורך פון יענער נאַכט.

— ווּהין איך בין ניט אַרײַנגעקומען, — האָט געדאַליע מיט זיך

אליינ געדעדט, — האָט מענ שטייענדיק מיכ באגעגנט, ווײַל איכ בינ דאָווידס טאטע. קינדער אונ אלטע לײַט האָבנ מיר אָפּגעטראָטנ דעמ וועג, ווײַל איכ בינ דאָווידס טאטע. איז ווי פּאָרט מענ פונדאנענ אוועק אונ מע לאָזט איבער דעמ קייווער אפ העפקער? א שוימער וועל איכ ווערנ אפ דײַנ קייווער, דאָוויד. אָנ בלוט וועלנ זיי זיכ ניט צורידנ צו דער ערד, אינ וועלכער דו ליגסט.

צו זיכ אינ גרויסנ האלב ארומגעצאמטנ הויפ איז געדאליע ארײַנ-געקומענ, ווענ די שאָטנס פונ די ווײַנשל-ביימער האָבנ שוינ געגו-מענ פארשווינדנ פונ דער אָונטיקער אויסגעקילטער ערד. אנ אויס-געגלײַכטער, איבערגעלאָדנ מיט צאָרנ, איז געדאליע געשטאנענ באמ שוועל פונ זײַנ שטוב אונ געקוקט, ווי לייע פאקעוועט צונויפ דאָס האָב-אונ-גוטס.

— קלײַבסט זיכ טאקע אינ וועג ארײַנ, א, לייע?

— זײַ ניט קיינ אקשנ, געדאליע, קיינ איינ ייִד איז ניט גע-בליבנ אינ שטעטל, אפ די ישוּוים. הײַנט באנאכט, זאָגט מענ, וועט פונדאנענ אָפּגיינ דער לעצטער צוג. רוסישע מענטשנ פּאָרנ אויכ ארויס.

— לייע!

פונ זײַנ פּלוצעמדיקנ געשריי איז זי אזש פארציטערט געוואָרנ.

— דאָס בילד ווו איז? די מינוט זאָלסטו מיר צוריק אופהענגענ אפנ וואנט דאָווידס בילד, דו הערסט, לייע! — אונ ער האָט זיכ ווידער אוועקגעזעצט באמ פענצטער קוקנ אפ די שטילע געסלעכ פונעמ שטעטל, ווו ער האָט אָפּגעלעבט איבער פופציק יאָר.

— אקשנ, שפאר זיכ כאָטש צו, ווילסט ניט פּאָרנ, איז ניט, אנ עק. האלבע נאכט.

— לייע, דו שלאָפסט?

— ס'אי-דענ?

— כ'ווייס, עפשער איז טאקע גלײַכער, אז דו זאָלסט פונדאנענ אוועקפּאָרנ.

— ביסט שוינ גאָר כאָסערדייע. ס'הייסט, איכ וועל פּאָרנ. אונ דו?

עס זײַנענ אדורכ עטלעכע טעג. הייסע טיפּ-זומערדיקע טעג אונ בלויע בענקענדיקע נעכט. איטלעכנ באגינענ האָט דאָס האלב אויס-געליידיקטע שטעטל זיכ אופגעכאפּט פונ נאָענטע דונערס. באנאכט איז אינ סטעפּ געוועננ ליכטיק פונ די ארומיקע סרייפעס. טאָג אונ נאכט איז אפ די וועגנ געשטאנענ א געדיכטער שטויב. די רויטע ארמיי איז אָפּגעטראָטנ אפ צאָפנ.

— און ווער וועט זיך שלאָגן מיטן דײַטש? — האָט גדאַליע געפרעגט באַם אַרום, — ווער?!

— גדאַליע, עפּשער וואָלטן מיר זיך פונדאַנען איבערגעצויגן אין אַ רוסיש דאָרף? מע וועט אונדז דאָרט אויסבאַהאַלטן.

— איך זאָל וועלן, — האָט גדאַליע זי איבערגעשלאָגן, — קאָן איך נאָך איצט אויך באַוויַיזן זיך עוואַקוירן. ניט צוליב דעם בין איך געבליבן הי, כ׳זאָל זיך שעמען מיט מײַן ייִדישקייט.

— מענטש, וואָס טראַכטסטו זיך?

— איז אונדז באַשערט לעבן, וועלן מיר לעבן, און אויב ס׳איז באַשערט שטאַרבן, וויל איך שטאַרבן, ווי אַ מענטש, ווי דאָוויד אונדזערער. אַ האַק אין די הענט, דאַנקען גאָט, קאָן איך נאָך האַלטן.

די טעג האָבן זיך געשלעפּט פולע מיט צער, מיט זאָרג און בענקשאַפט. אַ גרויסע פײַלעכע בענקשאַפט נאָך מענטשן. באַנאַכט איז באַ די בערנשטאַמס געווען פאַריגלט די טיר און פאַרהאַנגען די פענצטער. אַ טויטע שטילקייט האָט זיך באַזעצט באַ זיי אין שטוב. שפּעט באַנאַכט האָט מען פּלוצעם אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— לייע, אָרכים. — גדאַליע איז אַ באַרוועסער אַראָפּגעקראָכן פון געלעגער.

— ריבוינע-שעל-אוילעם...

— כ׳האָב דיר דאָך אָנגעזאָגט, לייע, זאָלסט ניט וויינען. געדענק, אַז דו ביסט דאָווידס אַ מאַמע. אָן בלוט וועלן זיי צו מיר אין שטוב ניט אַרײַנקומען, — און גדאַליע האָט אַרויסגענומען פון ווינקל די אָנגעשאַרפטע האַק, וואָס ער פלעגט צוגרייטן פאַרן שלאָפן, אַז זײַן לייע זאָל ניט זען.

— שרעקט זיך ניט, כאַווער בערנשטאַם. דאָס בין איך, שאַפּירע.

צוזאַמען מיט שאַפּירען זײַנען אַרײַנגעקומען אין שטוב צוויי מענטשן.

— זאַלמען-לייב? ווי קומט איר אַהער? איר האָט זיך דאָך געהאַט עוואַקוירט?

— איך האָב דאָך אײַך דערמאָנט געזאָגט, אַז ניט אַלע פאָרן אַוועק. נישקאָשע, ס׳איז געבליבן, ווער ס׳זאָל נעמען נעקאָמע. איין זאַך, כאַווער בערנשטאַם, וויל איך אײַך בעטן: קיין שאַלעס באַ מיר זאָלט איר מער ניט פרעגן. ניט צוליב דעם בין איך איצט געקומען צו אײַך.

לייע האָט פאַרהאַנגען די פענצטער מיט גראָבע קאָלדרעס און אָנגעצונדן אַ קאַנעצל. באַ דער בלייכער ציטעריקער שײַן האָט גדאַליע

באטראכט די פּארוואקסענע פּענעמער פון די צוויי אריַינגעקומענע. זיי זײַנען אים געווען אומבאקאנט, טאקע לאכלוטן אומבאקאנטע פּע-נעמער.

— פונוואנען? — האָט גערדאליע בא איינעם פון זיי א פרעג געטאָן.

— כ'האָב אײַך, דאכט זיך, אָנגעזאָגט, איר זאָלט ניט פרעגן קיין שאלות, — האָט אים שאפירע האסטיק איבערגעשלאָגן, — זאָגט מיר בעסער, פארוואָס זײַט איר פונדאנען ניט אוועקגעפאָרן? איר ווייסט, אז מאָרגן, איבערמאָרגן קאָן מען זיך דאָ ריכטן אפן דײַטש!

— און פארוואָס זײַט איר געבליבן הי?

— איר פרעגט שוין ווידעראמאָל שאלות. ווי פארשטייט איר ניט, אז די ערשטע מענטשן, וועמען די דײַטשן וועלן דאָ הארגע-נען, וועלן זײַן דאָווידס טאטע-מאמע.

שאפירע האָט א ווונק געגעבן צו די צוויי אומבאקאנטע, און יענע האָבן שטיל פארלאָזן די שטוב.

— די מינוט מוזט איר פארלאָזן דאָס שטעטל, — האָט זאלמען-לייב מיט א שטילן, אָבער באפעלערישן קאָל געזאָגט, — איר וועט פאָרן צו אונדז, ווײַל אלע איבעריקע וועגן זײַנען שוין אָפּגעשניטן.

— ווהין איז דאָס צו אײַך?

— ווידעראמאָל מיט שאלות.

— איך וועל זיך פונדאנען אין ערגעץ ניט לאָזן. דאָוויד מײַנער...

— ווײַל איר זײַט דאָווידס טאטע, דערפאר האָט מען אונדז גע-שיקט צו אײַך. אונדז האָט געשיקט דער פארטיזאנישער אָטריאד אפן דאָוויד בערנשטאמס נאָמען.

— ווארט, ווארט, אן אָטריאד, זאָגסטו, אפן מײַן זונס נאָמען? לייע, דו הערסט, לייע?!

גערדאליע האָט זיך אויסגעגלײַכט, א קוק געטאָן אפן זונס בילד, וואָס איז אראָפּגעהאנגען פון וואנט, און א פּאַך געטאָן מיט דער האנט.

— אין וועג אריַין, לייע!

אין שטוב האָבן זיך אומגעקערט די צוויי אומבאקאנטע. אין די הענט האָבן זיי געהאלטן א שווער קעסטל. זאלמען-לייב האָט פאריגלט די טיר, און די צוויי אריַינגעקומענע, וואָס האָבן פאר דער גאנצער צײַט קיין וואָרט ניט ארויסגעלאָזן פון מויל, האָבן שטיל גענומען אופרײַסן די ברעטער פון דיל. זאלמען-לייב האָט ארויס-געשלעפּט פון קעסטל קײַלעכיקע אײַזערנע טאָוועלעך און זיי פאָר-זיכטיק באהאלטן אונטער די ברעטער.

— איכ בינ א פויער, — האָט זאלמענ-לייב געגעבנ צו דערקלערנ געדאליענ, — ביז הייַנט האָב איכ געזייט די פעלדער מיט טוועע, אונ איצט, כאוועך בערנשטאמ, פארזיי איכ די ערד מיט אָ-דעמ-אָ, מיט מינעס. מיר, יידנ, זייַנענ טאָמיד געווענ א גאסטפרייַנטלעכ פאָלק. איכ דארפ אייַכ דענ דערציילנ? אונ וויבאלד עס קומענ צו אונדז אזעלכע געהויבענע געסט, אזש פונ בערלינ, איז ווי נעמט מענ זיי ניט אופ, ווי יידנ קאָנענ אופנעמענ, וואָס? זיי האָבנ בא אונדז ניט פארדינט?

זאלמענ-לייב האָט עפעס באהאלטנ אונטער דאָווידס בילד אונ דערבייַ זיכ אָנגערופנ צומ מיטאמאָל שטיל געוואָרענעמ געדאליענ:

— ווי קלערט איר, אינ וועלכער שטוב וועלנ זיכ אָפשטעלנ די דייַטשישע אָפיצערנ?

— בא מיר, זאלמענ-לייב, בא מיר! וואָס מער מינעס לייג דאָ אויס, זאלמענ-לייב! א קייווער פאר די דייַטשנ זאָלסטו מיר מאכנ פונ מייַנ שטוב, זאלמענ-לייב! א קוואָרימ-שטיבל!

אינ א פינצטערער טיפ-הארבסטיקער נאכט האָט איבערנ עלנטנ, פארלאָזענעמ סטעפ זיכ געשלעפט אנ אייַנגעהויקערטער זאָקנ. אָפגעזונדערט פונ אימ זייַנענ אימ שטיל נאָכגעגאנגענ דרייַ וווקסיקע מענטשנ.

אינעמ גאנצנ ארומ — קיינ איינציק פייַערל. א געדיכטער פינצטערער הימל איז געלעגנ איבערנ סטעפ. אינ אזא כוישעכ קאָנ טרעפנ דעמ וועג אינ שטעטל בלויז דער, וואָס איז דאָ אויסגעוואקסנ.

בא א נידעריקער כאטקע, וואָס איז געשטאנענ אינ א זייַטיק געסל, איז דער זאָקנ געבליבנ שטיינ אונ לייַכט אָנגעקלאפט אינ שייַבל.

— ווער איז עס? — האָט פונ יענער זייַט פענצטערל זיכ דערהערט א הייזעריקע שטימ.

— ס'בינ איכ, געדאליע, עפנ, מאקאר!

אינ שטוב איז געדאליע ניט ארייַנ, ער איז געבליבנ שטיינ אינ פירהויז. מאקאר, אויכ א טרעגער, וואָס האָט דאָס גאנצע לעבנ צוזאמענ מיט בערנשטאמענ אָפגעהאָרעוועט אפנ עלעוואטאָר, האָט פונ דער אומגעריכטער באגעגעניש קוימ איבערגעכאפט דעמ אָטעמ.

— ווי קומסטו אהער, געדאליע? די דייַטשנ...

— כ'ווייס, מאקאר, כ'ווייס, וואָס זיי האָבנ געטאָנ מיט די יידי-

שע דערפער, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אײַך. אלץ ווייסן מיר, מאקאר.

— און וויפל דײַטשן עס זײַנען דערהארגעט געוואָרן פונעם אופֿרײַס בא דיר אין שטוב — ווייסטו? די ערד האָט זיך געהוידעט פונעם אופרײַס. ווען די דײַטשן האָבן דעמלט געכאפט אפן גאס, האָבן זיי אפן אָרט געשאָסן.

— מיר ווייסן עס, מאקאר.

— פונוואַנען ווייסטו אלץ? פונוואַנען קומסטו עס איצט?

— הײַנטיקע צײַטן, מאקאר, טאָר מען בא יענעם אזעלכעס ניט פרעגן.

געדאליע האָט א רעגע זיך אײַנגעהערט אין דער שטילקײַט און קימאט שעפטשענדיק געפרעגט:

— וואָס הערט זיך אפ אונדזער עלעוואטאָר?

— די דײַטשן האָבן אהין צונויפגעפירט דאָס גאנצע ברויט פון די דערפער, און איצט ווארטן זיי אפ עשעלאָנען, קיין דײַטשלאנד וועלן זיי ארויספירן דאָס ברויט.

— א גרויסע וואך אפן עלעוואטאָר?

— די ערשטע טעג איז דאָרט בא זיי געווען זייער א גרויסע וואך. איצט שטייען נאָר צוויי סאָלדאטן. אקעגן וואָס פרעגסטו זיך אזוי נאָך?

— דער זון דײַנער, ניקיטא, האָט מיך צו דיר געשיקט, מיסטאם דארף ער עס וויסן. א גוטע נאכט, מאקאר. פארגעס, אז איך בין בא דיר געווען. — און געדאליע איז האסטיק און שטיל פארשוווּנדן אין דער געדיכטער פינצטערניש, וואָס איז זיך צונויפגעוואקסן מיט דער שווארצקײַט פונעם טיפ הארבסטיקן כטעפ.

אונטער א סטערטע היי האָבן אפ אים געווארט זײַנע באגלייטער.

— גרייט צו די מעסערס! — האָט געדאליע זיך אָנגערופן, — צוויי דײַטשן שטייען באם טויער. אז מיר וועלן זיך ארײַנכאפן אין הויף, זאָלט איר גיין נאָך מיר. מיט פארבונדענע אויגן וועל איך דאָרט טרעפן אלע ארײַנגענג און ארויסגענג. גיט מיר נאָך א קעסטל שוועבעלעך.

ווען געדאליע מיט זײַנע באגלייטער פונעם פארטיזאנישן אָטריאד האָבן זיך געהאט היפש דערווײַטערט פון שטעטל, איז שוין דער הימל געווען העל באלויכטן. דער טונקל-גרויער עלעוואטאָר מיטן אָנגעראבעוועטן ברויט איז געווען ארומגעכאפט אין פלאם-פײַער.

גערשטאַם בערנשטאַם איז אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען מיטן פּנים צו דער סטריפּע. אַזוי האָט מיט דרײַ און צוואַנציק יאָר צוריק גע־ ברענט דער עלעוואַטאָר, וואָס ער מיט זײַן דאַווידן האָבן געהאָלפֿן בויען. דאַן האָט אים אונטערגעצונדן זײַן זון. דעם עלעוואַטאָר האָט מען נאָכדעם צוריק אָפּגעבויט. גערשטאַם האָט אים געהאָלפֿן בויען. איצט ברענט ער ווידער. דאָס מאָל האָט אים אונטערגעצונדן דאַווידס טאַטע — גערשטאַם בערנשטאַם.

גערשטאַם האָט געקוקט אויפֿן אונטערגעצונדענעם עלעוואַטאָר, וואָס האָט באַלויכטן און באַשײַנט דעם קײַווער פֿון זײַן זון.

# אינעמ רוסישנ דאָרפ פּראָנינא

## 1

דאָרט, ווו עס ענדיקנ זיכ די טאָרפ־זומפּנ אונ ס'הייבנ זיכ אָנ די בעלסקער וועלדער, איז געלעגנ אַנ אַלט רוסיש דאָרפ פּראָנינא. געלעגנ איז דאָס דאָרפ אינ אַ טיפער באַלקע, וואָס איז פונ אַלע זײַטנ אַרומגעצוימט מיט הויכע בערגלעכ אונ געדיכטנ וואַלד. אינ צוויי ריכטונגענ ציִענ זיכ פונדאַנענ די בעלסקער וועלדער — צו צאָפנ אונ מיזרעכ. טיפ אינ די וועלדער ליגנ צעוואָרפנ שטילע הילצערנע דערפלעכ אונ כוטערס פונעמ מיזרעכ־דווינער קאַנט. זיי ליגנ דאָרט אונ רוענ אינ שאָטנ פונ די אוראַלטע ביימער ווי איינגעמידטע טשערעדעס שאָפ, וואָס האָבנ זיכ אַראָפּגעשלאָגנ פונ וועג אונ אַפ אייביק פאַרלוירנ די האָפענונג זיכ אַרויסקלײַבנ צוריק.

דער איינ־אונ־איינציקער וועג, וואָס פירט פונ דער ווײַטער סטאַנציע קיינ פּראָנינא אונ פונ דאָרט צו די פאַרוואָרפענע דערפלעכ אונ כוטערס, שלעפּט זיכ באַמ ראַנד פונ די טאָרפ־זומפּנ, מײַדט אויס די צעגאָסענע טײַכלעכ אונ קוואַלנ, פאַרקערעוועט אַפריִער אינ וואַלד, אונ ערשט נאָכדעמ גליטשט ער זיכ אַראָפּ, דער וועג, צו דער טיפער באַלקע.

אַלט אונ גרויס איז דאָס רוסישע דאָרפ פּראָנינא, וואָס האָט זיכ אינ דער באַלקע אויסגעשפּרייט מיט איר לאַנגער גאַס אונ געסלעכ. די הילצערנע הײַזלעכ פונעמ דאָרפ האָבנ אינ משכ פונ יאָרנ שוינ עטלעכע מאָל געביטנ זייער קאָליר. געווענ זײַנענ זיי אַמאָל פריש ווי ערשט אָפּגעשיילטע ביימלעכ. איצט האָבנ די הײַזלעכ אַ קאָליר פונ אויסגעטריקנטנ טאָרפ.

די אײַנוווינער פונ פּראָנינא האָבנ אינ זיכ געיאַרשנט די ווילדקייט אונ דעמ אינערלעכנ שטאָלצ פונ די בעלסקער וועלדער. נאָר אינ דער זעלבער צײַט זײַנענ די פּראָנינער מענטשנ מילדע אונ צוגעלאָזענע, ווי קליינע קינדער. נאָר ברענגט מענ זיי אַרויס פונ געדולד, דעמלט קאָנענ זיי איבערקערנ בערג, אַרויסרײַסנ ביימער מיט די וואָרצלענ.

געלעבט האָט אינ אָ-דעמ דאָרפ א ייִדישע מישפּאָכע גרינשטײנ. כוצ דער מישפּאָכע גרינשטײנ אונ ביז איר האָבנ דאָ קײנ ייִדנ קײנמאָל ניט געוווינט. זעלטנ-זעלטנ ווער פונ די פּראָנינער אײַנוווינער האָט אינ יענע יאָרנ, ווענ ס'האָבנ זיכ דאָ באַזעצט די גרינשטײנס, גע-ווּסט, וויאַזוי זעט אויס א ייִד אונ וואָס פאַרא מענטשנ זײַנענ זיי עס, די ייִדנ, וועגנ וועלכע מע האָט זיכ אויכ דאָ, אינעמ שטילנ פאַרוואָרפענעמ העק, אַזויפיל אָנגעהערט.

איצט איז פונ דער ייִדישער מישפּאָכע גרינשטײנ אינ פּראָנינא געבליבנ בלויז אײנ מענטש — מיריעמ. די אונטערגעוואַקסענע קינדער זײַנענ זיכ צעפאָרנ אינ שטאָט, ווענ ס'האָט נאָכ געלעבט דער מאַנ אירער, יאַקאָוו. נאָכנ אומגליק — נאָכ דעמ מאַנס טויט האָבנ די קינ-דער פאַרוואָרפנ די מאַמע מיט בריוו, זי זאָל זיכ איבערקלײַבנ צו זיי אינ שטאָט. דער שווער אירער, מאָרדכע, וואָס האָט נאָכ דעמלט געלעבט, האָט איר אויכ געײצעט דאָס זעלבע:

— נו, טאָקע! ס'א טאַכלעס זיצנ אינ א העק. לאָמיר פאָרנ צו די קינדער, ווי ס'זאָל ניט זײַנ, וועסטו זיכ אינ שטאָט ניט פילנ אַזוי עלנט ווי דאָ.

— ווי וואָלט געווענ, — האָט מיריעמ דערויפ געענטפערט דעמ שווער, — איר זאָלט דערווײַל אַרויספאָרנ אלײנ אונ איכ וועל דאָ איבערזײַנ דעמ ווינטער.

— ווי איכ זע, — האָט מאָרדכע זי איבערגעשלאָגנ, — וועסטו פונדאַנענ קײנמאָל ניט אַוועקפאָרנ. ערשטנס, וועלנ די פּראָנינער ניט אָפּלאָזנ. צווײטנס, ווילסטו אלײנ ניט, אונ דריטנס, טו ווי דו פאַר-שטײסט. נאָר אויב דו ווילסט מיט אַנ עמעס זײַנ צוזאַמענ מיט די קינדער, איז איצט די סאַמע רעכטע צײַט אַפּ אַרויספאָרנ פונדאַנענ.

גרינג צו זאָגנ — זיכ אויפהײבנ אונ אַוועקפאָרנ. אונ די פּראָ-נינער?

די פּראָנינער איז גאָר ניט געקומענ אויפנ געדאַנק, אַז זײער דאָק-טער, זײער מיריעמ גרינשטײנ, קאָנ פונדאַנענ אַוועקפאָרנ. זיי זײַ-נענ צו איר געווענ צוגעבונדנ, ווי קינדער צו א מוטער. א שעמ-דאָווער איז זי געווענ אינ אַלע אַרומיקע דערפער אונ כוטערס, וואָס ליגנ צעשאָטנ אינ די געדיכטע בעלסקער וועלדער. אומעטומ האָט מענ געקאָנט די קלײנוווּקסיקע פולבלעכע פרוי מיטנ טונקל מאַטע-ווענ געזיכט, מיט די טיפע שוואַרצע אויגנ, וואָס זײַנענ בא איר טאָמיד געווענ וואַרעמ אונ לויטער, ווי בא א יונגער מוטער. ווענ עמעצער זאָל קומענ אונ זאָגנ, אַז דער דאָקטער מיריעמ גרינשטײנ

קלײַבט זיך פונדאַנענ ארויס צוריק אינ שטאָט אַרײַנ, וואָלט מענ אפ יענעמ געקוקט ווי אפ א מענטשנ, וואָס איז געקומענ דערציילנ, אז די ביימער קלײַבנ זיך פארלאָזנ דעמ וואלד.

— ס'הייסט, זי וועט אונדז פארלאָזנ? פארוואָס? מיר האָבנ איר כאָלילע געטאָנ שלעכטס?

מיריעמענ איז געווענ שווער, זייער שווער זײַנ אָפגעשיידט פונ די קינדער, אונ אינ דער זעלבער צײַט איז איר געווענ שווער, אומגעהייער שווער זיך שיידנ מיט אָט די מילדע, אָפנהארציקע אונ פראָסטע מענטשנ.

וויפל יאָר איז פאָריבער, זינט זי האָט זיך באזעצט אינ פאָנינא, געדענקט זי שוינ קימאַט אליינ ניט. דער איינציקער מענטש, וואָס האָט פארהיט אינ זיקאָרנ די מינדסטע איינצלהײַטנ פונ דער געשיכטע, וויאזוי ס'איז געלונגענ אראָפברענגענ אהער דעמ דאָקטער מיריעמ גרינשטיינ, איז דער וועכטער פונ שפיטאָל — איוואנ טראָפימאָוו. בא יעדער געלעגנהײַט גיט ער אָנצוהערנ, אז ווענ ניט ער, טראָפימאָוו, וואָלט נאָכ פראָנינא ביז איצט געזעסנ אָנ א דאָקטער, שוינ אָפגערעדט פונ אזא דאָקטער ווי מיריעמ.

— אָ, ביזוואנענ מיר האָט זיך אײַנגעגעבנ זי אײַנרײדנ!

אונ פאריינוועגס דערציילט ער שוינ די גאנצע געשיכטע, וועלכע יעדערער האָט פונ אימ געהערט אוואדע אמאָל הונדערט.

געווענ איז עס מיט פיל יאָרנ צוריק. ווינטער איז עס געווענ. איוואנ טראָפימאָוו איז נאָכ דעמלט געווענ א יונגערמאנ, אונ פארנומענ האָט ער זיך דאנ, ווי אלע היגע אײַנוווינער, מיט יאגד.

איינמאָל, בלאָנקענדיק איבער די בעלסקער וועלדער, האָט ער זיך אָנגעשטויסנ אפ א סטײַע וועלפ. ער איז ניט אָפגעטראָטנ — אָפטרעטנ איז ניט געווענ אינ דער נאטור פונ די פראָנינער יעגער. ווענ מע האָט אימ אופגעזוכט, איז דאָס גאנצע לײַב בא אימ געווענ אינ ווונדנ. קימאַט א טויטנ האָט מענ אימ אָפגעפירט אינ דער ווײַטער שטאָט אַרײַנ אונ אימ דאָרט אוועקגעלייגט אינ שפיטאָל. קיינער האָט זיך ניט גערעכנט, ער זאָל בלײַבנ לעבנ. נאָר דער דאָקטער מיריעמ גרינשטיינ האָט אימ געשטעלט אפ די פיס.

אינ פראָנינא האָט קיינער ניט געגלייבט, אז טראָפימאָוו לעבט. נאָר אז פונ שטאָט איז געקומענ טראָפימאָווס ווײַב אונ אויכ געבראכט די זעלביקע בשורע אונ נאָכ דערבײַ זיך אָנדערציילט אזויפיל כידושימ וועגנ דעמ דאָרטיקנ דאָקטער גרינשטיינ, האָבנ קראנקע זיך אופגעהויבנ פונ די בעטנ, הינקענדיקע אונ בלינדע זײַנענ אראָפ-

געקראָכנ פונ די אויוונס אונ מע האָט זיך געלאָזנ אינ דער ווײַטער שטאָט אַרײַנ צו דעם דאָקטער מיריעם, זי זאָל זיי אומקערנ די שײַנ אינ די אויגנ, צוריק לעבעדיק מאַכנ די אָפגעשטאָרבענע אייוורים. יעדער איינער, וואָס איז געקומענ צו איר זיך היילנ, האָט אײַנ-געלאַדנ זי צו זיך אינ דאָרפ. נאָר מער פונ אַלעמענ האָט מיט איר וועגנ דעם גערעדט איוואַנ טראָפימאָוו.

— כאָטש אַפ איינ כוידעש ווענ איר פאָרט צו אונדז אַראָפ. בא אונדז אינ דאָרפ איז נאָך קיינמאָל ניט געווענ קיינ דאָקטער. אונ פאָרנ אַהער צו אײַך אינ שטאָט איז ווײַט. אַזוי ווײַט...

יעדעס מאָל, ווענ מיריעם פלעגט אַרײַנקומענ אינ פאַלאַטע, ווו ס'איז געלעגנ איוואַנ טראָפימאָוו, פלעגט ער זי פאַרהאַלטנ לעבנ זיך אונ אַלץ דערציילנ אונ דערציילנ וועגנ די בעלסקער וועלדער, וועגנ די מענטשנ, וואָס וווינענ אינ די פאַרוואָרפענע כוטאָרס אונ וועגנ זײַנ דאָרפ פראָנינאַ.

— דאָקטער, כאָטש אַפ איינ וואָך פאָרט צו אונדז אַראָפ. ווענ איר ווייסט, ווי'אַזוי מע וואַרט דאָרט אַפ אײַך. כ'האָב איבערגעגעבנ מיט מײַנער, אַז איר וועט קומענ.

מיריעם האָט זיך דעמלט שטאַרק געבייזערט אַפ אים:

— וואָס הייסט, איר גיט איבער אינ מײַנ נאָמענ. כ'האָב נאָך אַפ מײַנ לעבנ קיינעמ ניט אָפגענאַרט, אונ איצט האָט איר...

— כ'האָב בלויז געזאָגט, אויב איר וועט האָבנ צײַט, קאָנ זײַנ, איר זאָלט אַראָפפאָרנ,—האָט איוואַנ טראָפימאָוו זיך פאַרענטפערט.

אַז ס'איז געקומענ זײַנ צײַט זיך אויסשרײַבנ פונ שפיטאָל, האָט מיריעם גרינשטיינ זיך אָנגערופנ צו טראָפימאָוו:

— אויב איר האָט נאָך ניט קיינ כאַטע, וועל איך צו אײַך אַראָפפאָרנ אַפ א פאָר וואָכנ.

ניט מער ווי א צוויי-דרײַ וואָכנ האָט מיריעם גרינשטיינ אויס-גערעכנט זיך פאַרהאַלטנ אינ פראָנינאַ. ס'איז אָבער דורך א כוידעש אונ נאָך א כוידעש, אונ מיריעם האָט זיך נאָך אַלץ ניט אומגעקערט צוריק אינ שטאָט. פונ טאָג אַפ טאָג, פונ וואָך אַפ וואָך, פונ כוי-דעש אַפ כוידעש האָט זי אָפגעלייגט די נעסיע, אונ דערווײַל איז זיך געלאָפנ די צײַט. ס'איז איר געווענ שווער זיך שיידנ מיט אָט די מילדע אונ פּאַשעטע מענטשנ, וואָס האָבנ זי אַזוי פרײַנטלעך, אַזוי היימיש אויפגענומענ. וווהינ זי איז ניט געקומענ, האָט זי זיך געפילט ווי בא זיך אינ דער היים, אונ יעטווידער באַזונדער האָט זיך צו איר געווענדט:

— דאָקטער, פֿאַרבלײַבט בא אונדז מיט אלעמען. איר זײַט דאָך אונדזער רעטער. ווי וועלן מיר איצטער אויסקומען אָן אײַך?

אומבאמערקט איז דורכגעלאָפֿן א יאָר, און אפֿן אנדערן יאָר זײַנען צו איר אהער אראָפּגעקומען פֿון דער גרויסער שטאָט דער מאַן מיט די קינדער און דער שווער. די מישפּאָכע גרינשטיין האָט זיך דאָ פֿאַרפֿונדעוועט אפֿ זײַן.

מיט דער צײַט האָבן די פֿראַנינער אײַנוווינער אויסגעבויט א שפּיטאָל, א פּאָליקליניק, אַן אפּטייק. און פֿאַר דער מישפּאָכע גרינשטיין — א גרויס ליכטיק הויז. יאַקאָוו, דער מאַן אירער, איז אָנגעקומען ארבעטן אין שול, געוואָרן א לערער. מאָרדכע, דער שווער, איז גאַנצע טעג געזעסן און געזייט, ניט געוואָלט אוועקוואַרפֿן די שנײַדערײַ. ער האָט ניט געקאָנט לעבן אָן ארבעט, ווי ס׳קאָן א בוים ניט לעבן אָן וואָרצלען. די שנור זײַנע, מיריעם, האָט מען זעלטן־זעלטן וועגן געקאָנט טרעפֿן אין דער היים. דערפֿאַר אָבער איז מאָרדכע געוואָרן א שטוביקער מענטש, און יעדן טאָג האָט ער געהאַט אויסצושטיין פֿון דער שנורס פּאַציענטן, וואָס פֿלעגן שטענדיק ברענגען צו טראָגן מאַטאָנעס פֿאַרן דאָקטער. מאָרדכע האָט זיי צוריק געשטופּט די מאַטאָנעס און דערבײַ זיך שטאַרק געבייזערט:

— גאָט באַהיט! דערוויסט זיך וועגן דעם מיריעם, וועט זי מיך פּאָשעט ארויסטרײַבן פֿון שטוב, און זי וועט זײַן גערעכט. זי האָט מיר הונדערטער מאָל אָנגעזאָגט, איך זאָל בא קיינעם גאָרניט נעמען. פֿון דאָרף וועט זי מיך פֿאַרטרײַבן, טאָמער נעם איך בא עמעצן אפֿילע א נאָדל.

און אז ס׳פֿלעגט עמעצן געלינגען איבערצולאָזן די געבראַכטע מאַטאָנע, האָט מאָרדכע עס באַלד אָפּגעטראָגן צו די נויטבאַדערפֿטיקע פֿון דאָרף.

— מיריעם האָט אײַך אָפּגעשיקט דעם כויוו, — האָט ער, אוועקלייגנדיק בא יענעם אפֿן טיש דאָס פּעקל, זיך אָנגערופֿן. און ביזוואַנען די שטוביקע פֿלעגן באַווײַזן זיך ארומקוקן, איז שוין מאָרדכע געווען אפֿ דער גאַס, און דערבײַ האָט ער געהאַט אַן אויסזען פֿון אַזוינעם, וואָס האָט זיך זייער לאַנג נאָך עמעצן געיאָגט און אים בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט אָניאָגן. קימאַט יעדן טאָג האָט זיך איבערגעכאַזערט די זעלבע געשיכטע. וויאַזוי ווערט מען פֿון דעם פּאָטער? פֿאַרשפּאַרן די טיר? מער פֿעלט אים ניט. ווי ס׳איז אָפֿן דער ארײַנגאַנג אין וואַלד, אַזוי האָט שטענדיק געמוזט שטיין אָפֿן די טיר פֿון זייער וווינונג. האַלבע נאַכט פֿלעגט מען קומען ארויסרופֿן מי־

ריעמענ צו א קראנקנ, אונ זי האָט נאָכ קײנעמ קײנמאָל ניט אָפּגע-
זאָגט. אינ די גרעסטע פֿרעסט אונ זאווערוכעס, מעג זײַנ ווי ווײַט,
איז מיריעמ געגאנגענ. קײנ סימענ פֿונ מידקײַט איז ניט געווענ צו
זענ אפֿ איר טונקל מאטעוונ געזיכט. שטענדיק די זעלבע ווארעמע
לויטערע אויגנ, ווי בא א יונגער מוטער.

פֿונעמ ערשטנ טאָג אָנ האָבנ זי דאָ אלע גערופֿנ מאריִא, ווײַל
ס'איז לײַכטער אויסצורעדנ. ווער איז מיריעמ, א ייִדישע צי א רוסישע—
אפֿ דעמ האָבנ זיכ די רוסישע מענטשנ פֿונעמ דאָרפֿ פּראָנינא ניט
פֿארטראכט אפילע דעמלט, ווענ די דײַטשנ האָבנ אונטערגעצונדנ די
בעלסקער וועלדער אונ אינ פּראָנינא האָבנ זיכ באוויזנ פּלײטימ פֿונ
די אויסגעברענטע דערפֿער אונ כוטאָרס אינעמ מײַרעוו-דווינער קאנט.

## 2

דאָס פֿײַער פֿונ די אונטערגעצונדענע וועלדער האָט זיכ דער-
נענטערט צו די טאָרפֿ־זומפֿנ. דער געדיכטער רויכ האָט שוינ אויס-
געגעסנ די בלויקײַט פֿונעמ פֿראָסטיקנ הימל, די קלאָרקײַט פֿונעמ
ליכטיקנ שנײ, די באזילבערטע געפֿלעכטנ פֿונ די פֿארלאָזענע פֿוי-
גלשע נעסטנ.

אינ די בעלסקער וועלדער האָבנ זיכ באוויזנ די דײַטשנ.

די פֿויגלענ האָבנ שוינ פֿונ לאנג פֿארלאָזנ זײערע נעסטנ. זײ
זײַנענ געפֿלויגנ אהינ, ווו דער הימל איז נאָכ געווענ בלוי, די זונ
לויטער. אינ דער זעלבער ריכטונג, וווּהינ עס זײַנענ געפֿלויגנ די
פֿויגלענ, האָבנ מיט קלומקעס אפֿ די פּלײצעס, מיט ברעקלעכ קינ-
דער אפֿ די הענט זיכ געשלעפּט אפֿ מיזרעכ די אײַנוווינער פֿונ די שטילע
הילצערנע דערפֿלעכ אונ כוטאָרס, וואָס ליגנ צעשאָטנ אינ די אונטערגעצונ-
דענע בעלסקער וועלדער. דאָס צעבושעוועטע פֿײַער האָט אלע כײַעס ארויס-
געטריבנ פֿונ די נאָרעס. הײמלאָזע, ווי דער ווינט, האָבנ די כײַעס זיכ ווילד
געטראָגנ איבער די פֿעלדער אונ דערפֿער אונ אָנגעוואָרפֿנ אנ אײמע
אפֿ די וועגנ. געבליבנ זײַנענ אפֿ זײערע ערטער בלויז די טויטע
אינ די קוואָרימ אונ די ניט פֿארברענטע בײמער אינ וואלד.

יעדעס יאָר אינ דער צײַט פֿלעגנ די אײַנוווינער פֿונ פּראָנינא
זיכ לאָזנ אינ די בעלסקער וועלדער אפֿ יאגד. מע איז געגאנגענ אפֿ
בערנ אונ וועלפֿ. האיאָר איז מענ געגאנגענ אינ די בעלסקער וועל-
דער אפֿ דײַטשנ! עס זײַנענ געגאנגענ יונג אונ אלט, מענער אונ
פֿרויענ. ווענ ס'האָט אויסגעפֿעלט א ביקס, דער האָט אינ גורט

אַרײַנגעשטעקט אַ האַק, אין קעשענע אַן אָנגעשלײַפטן מעסער. געבליבן זײַנען אין דאָרף בלויז אַלטע לײַט, שוואַכע פֿרויען, קינדער, קראַנקע אינעם שפּיטאָל. געבליבן איז אין פֿראַנינאַ אויך זי, דער דאָקטער מיריעם גרינשטיין.

דער עלטסטער פֿונעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד האָט עטלעכע מאָל געוואָרנט מיריעמען, אַז די דײַטשן זײַנען שוין נאָענט, און געפּאָדערט פֿון איר, זי זאָל זיך פֿונדאַנען עוואַקוירן. מיריעם האָט אים דערויף געענטפֿערט:

— נו, גוט, און די קראַנקע? איר וועט זיי נעמען מיט זיך?

— דאָס איז אוממעגלעך.

— און דאָס, וואָס איר פֿאָדערט פֿון מיר, איז מעגלעך? אין אַזאַ צײַט וועל איך ניט איבערלאָזן אַ שפּיטאָל מיט קראַנקע.

באַם געזעגענען זיך האָט מיריעם קוים יעטווידן איינעם מיטגעגעבן מיט זיך אַ פֿלעשעלע יאָד, וואַטע און בינטן, פֿאַרשיידענע פּראָשקעס, און דעם עלטסטן פֿון פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד האָט זי אָנגעזאָגט:

— אַלע קראַנקע און פֿאַרוווּנדעטע זאָלט איר אָפּשיקן אַהער אין שפּיטאָל. און אויב מע וועט דאַרפֿן, איך זאָל קומען צו אײַך, קאָנט איר נאָך מיר שיקן אַפֿילו אינמיטן דער נאַכט.

אין אייניקע טעג אַרום, ווען דאָס דאָרף איז געווען פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף, האָט זיך דערהערט אַ פֿאַרשטיקטער געוויי פֿון די הינט, ווי עס וואָלטן זיי באַפֿאַלן מטײַעס אויסגעהונגערטע וועלף.

אין פֿראַנינאַ זײַנען אַרײַן די דײַטשן.

שפּעטער, ווען ס'איז שוין געוואָרן רעכט ליכטיק, האָבן די אײַנוווינער פֿאַרזיכטיק פֿאַרהויבן די אַראָפּגעלאָזענע פֿאָרהענגלעך אַף די פֿענצטער און אין שרעק אָפּגעטראָטן אַף צוריק. אינמיטן פּלאַץ, אַנטקעגן דעם קלויסטער, האָבן זיי דערזען שטיין אַ טליִע.

— וואָס איז דאָס? — האָבן די קינדער געפֿרעגט בײַ די פֿאַרווײנטע מאַמעס, און די מוטערס האָבן ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן זייערע קינדער.

— וואָס איז דאָס? — האָבן די קינדער ניט אויפֿגעהערט מאָנען אַן ענטפֿער, און די מוטערס האָבן אָפּגעקערעוועט די פֿאַרווײנטע פּנימער צו די איקאָנעס, זיך לאַנג געצײלעמט און דערבײַ שטיל געשעפּטשעט אַ טפֿילה.

נאָכדעם האָט מען פֿאַרהאַנגען די פֿענצטער מיט קאָלדרעס און זעק, און מיט אַ פֿאַרטײַעטן אָטעם איז מען געזעסן אין דער פֿינצ-

מער אונ זיכ צוגעהערט צומ טומלדיקנ דרויסנ, צומ פארשטיקטנ גע-
ווי פונ די איבערגעשראָקענע הינט.

עטלעכע שאָ פאר דעמ, ווי די דײַטשנ האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ
אינ דאָרפ, איז איוואנ טראָפּימאָוו ארויסגעפאָרנ אינ וואלד ברענגענ
האָלצ פארנ שפּיטאָל. צוריק איז ער געפאָרנ, ווענ ס׳איז שוינ גע-
ווענ גרויסער טאָג. טראָפּימאָוו איז געווענ זיכער, אז ער וועט טרעפנ
אינ דאָרפ די זעלבע טויטע שטילקײַט, די זעלבע אויסגעשטאָרבענע גאסנ.

— עכ טי באָזשע, באָזשע, — האָט איוואנ שווער אָפּגעזיפצט, —
פאר וועלכע זינד האָסטו אפּ אונדז צוגעשיקט די גערמאנצעס!

דער וועג האָט געקלעטערט ארופּ-בארג. באלד וועלנ זיכ שוינ
ווײַזנ די הײַזלעכ פונ דאָרפ. מיטאמאָל האָט ער אפנ שפּיצ בארג דער-
זענ א רײַטער. דער רײַטער האָט זיכ געטראָגנ גלײַכ אפּ אימ.

— שטיי!

טראָפּימאָוו האָט זיכ אָפּגעשטעלט.

— ווּהינ פירסטו דאָס האָלצ?

— אינ שפּיטאָל. ווער זײַט איר?

דער רײַטער האָט אימ א שמיצ געטאָנ מיטנ בײַטש-שטעקל אי-
בערנ פּאָנעמ אונ אראָפּגעריסנ בא אימ פונ קאָפּ דאָס היטל.

— איצט ווייסטו שוינ, ווער איכ בינ? אויסשפּאנענ דאָס פערד.
שנעלער!

טראָפּימאָוו האָט אויסגעשפּאנט דאָס פערד. דער רײַטער האָט
עפּעס אויסגעשריִענ צו אימ, זיכ ווידער פארמאָסטנ אפּ אימ מיטנ
בײַטש-שטעקל. טראָפּימאָוו איז געשטאנענ צעטומלט אונ ניט פארשטא-
נענ, וואָס איז געשענ, ווו איז ער? ווו איז דאָס פערד? ווענ ס׳האָט
זיכ צו אימ אומגעקערט דער פארשטאנד, איז דער רײַטער שוינ ניט
געווענ. דאָס גאנצע פּאָנעמ איז בא אימ געווענ אינ בלוט. דאָס בלוט
האָט געטריפט אפנ ווײַסנ שניי. מיטאמאָל האָט ער זיכ א בייג געטאָנ צו
די אראָפּגעלאָזענע האָלאָבליעס אונ א שלעפּ געטאָנ דעמ שליטנ ארופּ-
בארג. פונ דאָרטנ האָט ער זיכ אראָפּגעלאָזט אינ באלקע. די דײַטשישע
סאָלדאטנ האָבנ געקוקט אפנ פארבלוטיקטנ רוסישנ מענטשנ איוואנ טראָ-
פימאָוו, ווי אפּ א געשלאָגנ פערד, אונ די אײַנוווינער פונ דאָרפ, וואָס
האָבנ עס צוגעזענ דורכ די פענצטער, האָבנ אינ איוואנ טראָפּימאָווג
דערפילט יענע קראפט, וואָס איז מעכטיקער פונעמ שטארקסטנ שטורעמ.

ארײַנגעשלעפּט דעמ שליטנ אינ הויפ, איז טראָפּימאָוו ארײַנ אינ
שפּיטאָל. ער איז געבליבנ שטיינ אפנ שוועל שטומ אונ גרויזאמ ווי
די בלאנקע האק, וואָס האָט בא אימ געשטעקט הינטערנ גארטל.

די קראַנקע האָבן זיך אַ ריס געטאָן פֿון די בעטלעך, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט אין פּאַלאַטע זיך באַוויזן דער דאָקטער. אָנגעטאָן אין אַ קלאָרווײַסן כאַלאַט, האָט מיריעם אין יענעם פּרימאָרגן פֿאַרהיט אין זיך די שטענדיקע רויִקייט אירע.

— וווּהין? צוריק אַף די געלעגערס!

זי האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע דאָס נאָזטיכל און מיט מוטערלעכער צאַרטקייט אָפּגעווישט דאָס בלוט פֿון טראָפֿימאָווס פּאָנעם.

— וואָס האָט געטראָפֿן, איוואַן מיכײַלאָוויטש?

טראָפֿימאָוו האָט אופֿגעהויבן דעם קאָפּ און אַרויסגעכאַפּט פֿון גורט די האַק.

— די דײַטשן!

— פֿאַרוואָס האָבן זיי אײַך געשלאָגן?

— פֿאַרוואָס? ווײַל זיי זײַנען דײַטשן!

פֿאַר מיריעמען איז איצט געשטאַנען ניט דער וועכטער פֿון שפּיטאָל, נאָר גאָר אַן אַנדער מענטש. זי האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן פֿײַער אין זײַנע אויגן. מיריעם האָט אָפּגענומען בא אים די האַק, אים איבערגעבונדן דעם צעבלוטיקטן קאָפּ, דאָס פּאָנעם. נאָכדעם האָט זי אַרויסגענומען פֿון קעשענע דעם סטעטאָסקאָפּ און איז צוגעגאַנגען צום בעטל, אַף וועלכן ס׳איז געלעגן אַ שווער פֿאַרווונדעטער. מע האָט אים באַנאַכט געבראַכט צו פֿירן פֿון וואַלד. אויסער איר האָט קיינער ניט געוווּסט, ווער און פֿונוואַנען ער איז, אָט דער אומבאַקאַנטער.

דער טומל פֿון גאַס איז וואָס אַמאָל געוואָרן שטאַרקער און נעענטער. אינגיכן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין שפּיטאָל עטלעכע באַוואָפֿנטע דײַטשן. מיריעם איז דעמלט געזעסן באַם צוקאָפּנס פֿונעם שווער פֿאַרווונדעטן.

— אופֿשטיין!

מיריעם האָט זיך אופֿגעהויבן.

— אופֿשטיין! — האָט דער אָפֿיצער ווידעראַמאָל אויסגעשריִען.

— דאָ ליגן קראַנקע, — האָט מיריעם זיך אָנגערופֿן, — זיי איז פֿאַרווערט זיך רירן פֿון די ערטער.

— ווער האָט זיי פֿאַרווערט?

— איך.

— איר? איר האָט זיי פֿאַרווערט? דערלויבט וויסן, ווער זײַט איר?

— אַ דאָקטער!

— און איך בין אַ דײַטשישער אָפֿיצער. דערלויבן און פֿאַרווערן קאָנען בלויז מיר. אופֿשטיין!

מיטאמאָל האָט זיך זײַן פּאָנעם געענדערט ביז צום ניט דער־קענען.

— אַ יודין?!

— ניין, — האָט איוואַן טראָפימאָוו אויסגעשריִען, — מאַריִא אַנטאָ־נאָוונאַ רופט מען זי.

— ווער האָט געענטפערט?

די קראַנקע האָבן זיך אופגעזעצט אַף די געלעגערס און ווי צו־נויפגערעדט אויסגעשריִען אין איין קאָל:

— איך!

דער אָפיצער האָט אַרויסגעכאַפּט פון קאָבור דעם רעוואָלווער. די סאָלדאַטן האָבן אָנגעשטעלט די ביקסן אַף די קראַנקע.

— איך פרעג צום לעצטן מאָל — אַ יודין?

— איר שווײַגט? איך פרעג: אַ יודין?

די סינע פונעם דײַטש צו איר האָט אָפּגעטייט אין מיר־יעמען די שרעק. זי האָט האַסטיק אופגעהויבן דעם קאָפּ און געענטפערט:

— אַ ייִדישע.

דער אָפיצער האָט איר אַ פּראַסק געטאָן אין פּאָנעם און אויס־געשריִען צו די קראַנקע:

— צו דער נאַכט באַפרײַען דעם שפּיטאָל!

די קראַנקע זײַנען געבליבן זיצן פאַרשטיינערט אַף די בעטלעך, גלײַך דעם פּראַסק אין פּאָנעם וואָלט דער דײַטשישער אָפיצער דער־לאַנגט ניט מיריעמען, נאָר זיי אַלעמען. ניט פון ווייטעק האָבן בא זיי געפלאַמט די פּענעמער. זיי האָבן געפלאַמט פאַר שאַנד.

— וווּהין האָבן זיי אוועקגעפירט אונדזער מאַריען? — איז מיט אַ געיאָמער אַרײַנגעלאָפן פון דער צווייטער פּאַלאַטע אַן עלטערע פרוי.

מיט צעפּאַטלטע האָר, האַלב נאַקעט זײַנען פון אַלע פּאַלאַטעס זיך צונויפגעלאָפן אַהער די קראַנקע פרויען. קימפּעטאָרנס מיט זויג־קינדער בא דער ברוסט זײַנען זיך צונויפגעלאָפן.

— וווּהין האָבן זיי זי אוועקגעפירט? מענער, וואָס שווײַגט איר?!

קיינער האָט ניט געענטפערט. דער צאָרן האָט פאַרשטיקט די ווערטער.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַרײַנגעלאָפן איוואַן טראָפימאָוו.

— צו דער טליִע האָבן זיי זי אוועקגעפירט, — און איוואַן טראָ־פימאָוו האָט זיך צעוויינט. ווי אַ קליין קינד האָט ער זיך צעוויינט. — איך האָב זי אַהער אַראָפּגעבראַכט. זי איז געווען מײַן רעטערן, און איצט בין איך איר קוילער! פאַרוואָס האָב איך זי ניט אויסבאַהאַלטן, פאַרוואָס?

— איר האָט זי אהער אַראָפּגעבראַכט? — האָט זיך דערהערט אַן אומבאַקאַנטע שטים.

אַלע האָבן זיך אומגעקוקט צום שווער פאַרווונדעטן, וועלכן מע האָט נעכטן באַנאַכט געבראַכט אַהער צו פירן.

— העלפט מיר אַראָפּקריכן פון בעטל.

אָנשפּאַרנדיק זיך אָפּ איוואַן טראָפימאָוס אַקסל, איז דער אומבאַקאַנטער אַרויסגעהונקען אין קאָרידאָר.

— איר קאָנט גוט דעם וואַלד? — האָט ער שטיל געפרעגט בא טראָפימאָוון.

— איך בין אויסגעוואַקסן אין וואַלד.

— און איך בין אויסגעוואַקסן אין שטאָט. דאַנילאָ סערגייעוויטש רופט מען מיך. איר וועט ניט פאַרגעסן. אַז איר וועט זיך דערקלייבן צו אייערע דאָרפסלייט אין וואַלד, זאָלט איר זיי זאָגן, דאַנילאָ סערגייעוויטש האָט אייך געשיקט. איר וועט באַווייזן?

דער פאַרווונדעטער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין פּאַלאַטע, ווען איוואַן טראָפימאָוו איז שוין געווען ווייט-ווייט פון שפּיטאָל. מיט די הינטערהויפן און פאַרשנייטע גערטנער האָט טראָפימאָוו זיך אַרויסגעקליבן פון באַלקע און פאַרשווונדן געוואָרן אין וואַלד.

3

צו אָוונט איז דער פּלאַץ אַרום קלויסטער שוין געווען פאַרפּלייצט מיט מענטשן. די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן אויפן פּלאַץ די גאַנצע באַפעלקערונג פון דאָרף. קינדער פון די וויגן האָבן זיי אויפגעהויבן. אַלטע לייט אַראָפּגעטריבן פון די אויוונס. פּוסט און פאַרלאָזן, ווי די נעסטן אין וואַלד, זיינען געשטאַנען די הייזער. די סאָלדאַטן האָבן געשלעפּט פון די שטיבער דאָס גוטס, געלאָדן עס אויף די שליטנס, אַרויסגעטריבן פון די שטאַלן די קי און קעלבלעך. די פעדערן און דאָס פּוך פון די צעפליקטע קישנס האָבן זיך געדרייט אין דער לופט און שטיל געפאַלן אויפן טונקעלן שניי.

אינמיטן פּלאַץ איז געשטאַנען די טליע, און הויך אונטער דער טליע — דער דאָקטער מיריעם גרינשטיין. אין קעשענע פון איר קלאָרוויסן כאַלאַט האָט געשטעקט דער כטעטאָסקאָפּ, מיט וועלכן זי פלעגט אויסהערן די קראַנקע. נידעריק איבער איר קאָפּ האָט ווי אַ צונויפגעדרייטע שלאַנג זיך אומגעוויגט דער שלייף פון דער שטריק.

די, וואָס זיינען געשטאַנען נעענטער צו דער טליע, האָבן זיך איינגעקוקט אין אירע ברייט צעעפנטע אויגן.

2—2649

וויפל פרייד איז געלעגנ אינ אירע אויגנ, ווענ ס'פלעגט געבוירנ ווערנ א קינד, און וויפל צאַר, — ווענ זי פלעגט שטיינ באַמ צוקאָפּנס פונ א גויסעס.

שווער צו גלייבנ, אז אָט די טיפע ווארעמע אויגנ וועלנ זיך היינט אויסלעשנ.

אנטקעגנ איר איז געשטאנענ די דאָרפישע שול. אינ איינעמ פונ די קלאסנ, אפ די הענט בא זיינע שילער, איז מיט יאָרנ צוריק גע-שטאָרבנ איר מאנ. וויפל זי האָט איצט ניט געפרוווט אופשטעלנ בא זיך אינ זיקאָרנ, וויאזוי האָט איר יאקאָוו אויסגעזענ אפנ טויטנ-בעט, איז ווידעראמאָל אופגעשוווומענ זיינ ווויסיקע לעבעדיקע געשטאלט. זי הערט, דאכט זיך, איצט זיינ שטימ. יאקאָוו האָט איר איינמאָל געהאט געזאָגט — „דער זינ פונעמ מענטשנס לעבנ באשטייט אינ דעמ, אז זיינע קינדער, זיינע פריינט זאָלנ זיך נאָכדעמ מיט אימ ניט דארפנ שעמענ. ס'זאָל זיך מיט דיר ניט שעמענ דאָס פאָלק — אָט אינ וואָס עס באשטייט דער זינ פונ לעבנ". אינ די געציילטע רעגעס, וואָס א מענטש געפינט זיך אונטער דער טליע, קאָנ ער אמאָל אופטאָנ פאר זיינ פאָלק אינ אָנ א שיר מאָל מער, וויפל ער האָט באוויזנ אופטאָנ פאר זיינ גאנצנ לעבנ, אונ מיריעמ גרינשטיינ האָט זיך געגרייט בא-געגענענ דעמ פריצייטיקנ טויט, וואָס וועט העלפנ אויסקעמפנ דאָס לעבנ.

אומגעריכט איז לעבנ מיריעמענ אויסגעוואקסנ א דייטשישער אָפיצער. אינ א רעגע ארומ האָט אפנ צומ עשאפאָט צוגעשטעלטנ לייטערל זיך באוויזנ דער טאליענ.

— וואָס ווילט איר מיט איר טאָנ? מענטשנ! — האָט אינ האמויינ זיך דערהערט א שטימ.

פונ די הינטערשטע רייענ איז מיט א זויגקינד אפ די הענט ארויסגעלאָפנ א פרוי:

— נעמט ניט אָפ פונ אונדז מאריענ. זי איז אונדזער רעטערנ. א מאמע איז זי צו אונדז געווענ. מוטערס, וואָס שווייגט איר?

דער האמויינ האָט מיט א פארשטיקטנ געברומ א שפאר געטאָנ צו דער טליע.

דער אָפיצער איז אראָפגעשפרונגענ אפנ שניי אונ זיך געלאָזנ צו דער פרוי. אנטקעגנ אימ איז אויסגעוואקסנ אנ עלטערער פויער. ער האָט אויסגעשטרעקט צומ אָפיצער די רעכטע האנט.

— מיט אָט דער האנט שפייז איך פינפ קינדער. די האנט איז בא מיר געווענ געליימט. מאריע האָט זי מיר צוריק לעבעדיק געמאכט.

פונ אלע זייטנ האָט מענ זיך געשפארט צומ אָפיצער אונ צומ טאליענ.

— איך בין געווען בלינד, און מאריע האָט מיר אומגעקערט די שײַן אין מײַנע אויגן.

— אלץ נעמט בא אונדז צו, דאָס לעצטע העמד וועלן מיר פון זיך אויסטאָן, נאָר לאָזט לעבן אונדזער מאריען.

ווי א שטורעם איז אָנגעוואקסן דאָס געשריי. איינער האָט אי־בערגעשריִען דעם אנדערן:

— ווען ניט זי, וואָלטן מײַנע קינדער געבליבן יעסוימים!

— אינמיטן דער נאכט, אין די גרעסטע פרעסט און זאווערוכעס איז זי געלאָפן צו א קראנקן.

— זי האָט מײַן קינד געראטעוועט פון טויט.

— וואָס ווייסט איר, וואָס פאר א מענטש זי איז?

— פרעגט וועגן איר אין אלע כוטאָרס און דערפער פון אונ־דזער ראיאָן!

דער אָפיצער האָט ארויסגעכאפּט פון קאָבור דעם רעוואָלווער און אויסגעשריִען:

— א בונט! א בונט קעגן דער דײַטשישער מאכט? איר נעמט זיך אָן פאר א יודע.

דער אָפיצער האָט ארויסגעשלעפּט פון האמוין א טיפּ באיאָרטן זאָקן און אויסגעשריִען:

— א ווס?

דער זאָקן האָט זיך איבערגעציילעמט.

— דו וועסט אופהענגען די יודין מיריאָם גרינשטיין!

— הא? — האָט דער זאָקן צעטומלט ארויסגעשטאמלט, — זי האָט בא אונדז קיינמאָל ניט געפרעגט, ווער מיר זײַנען — יידן צי קריסטן.

— שנעלער. איך באפעל דיר אופהענגען די יודין!

דער זאָקן איז געבליבן שטיין אומבאוועגלעך. דער אָפיצער האָט אין אים אויסגעשאָסן, און אין דער זעלבער רעגע האָט זיך דער־הערט א הילכיקע שטים:

— מערדער!

ניט אלע האָבן אין דער ערשטער רעגע דערקאָנט מיריעמס קאָל.

— בא וועמען בעט איר? — האָט מיריעם ארויפגעשריגן צום הא־מוין, — בא מערדער?

— שווײַגן! — און דער אָפיצער האָט אָנגעשטעלט אפ איר דעם רעוואָלווער.

— רוסישע מענטשן, — האָט מיריעם נאָך העכער געשריִען, — איך ווייס, אז...

אירע לעצטע ווערטער זײַנען פאַרטריבן געוואָרן אינעם געברום פון א סאַך קוילעס. זי האָט זיך האַסטיק אומגעקוקט און דערזען: צום פּלאַץ האָט זיך באַוועגט א מאַכנע מענטשן. אין הוילן אונטער־וועש, אין שטעק־שיך, אין ווײַסע און ברוינע כאַלאַטן זײַנען אהער געגאַנגען די קראַנקע פון שפּיטאָל. עס זײַנען געגאַנגען הינקעדיקע און בלינדע, קינדער און אַלטע לײַט, קימפּעטאָרנס מיט זויגקינדער אף די הענט.

די דײַטשן האָבן באַגעגנט די געקומענע פון שפּיטאָל מיט אָנ־געשטעלטע ביקסן.

פון די פאָדערשטע רייען איז אַרויסגעהונקען א בלינדער מאַן. די פּראָנינער האָבן אין דעם בלינדן און הינקעדיקן דער־קאַנט איוואַן טראָפּימאָוו. ער האָט נידעריק זיך פאַרנייגט פאַרן אָפיצער:

— קראַנקערהייט האָבן מיר זיך אופגעהויבן פון די געלעגערס. מיר זײַנען געקומען בעטן פאַר אונדזער דאָקטער מאַריען. זי איז געווען...

עטלעכע הילכיקע שאָסן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דער שטיל־קײַט פונעם שפּעטן אָוונט. דער דײַטשישער אָפיצער און עטלעכע סאָלדאַטן זײַנען געבליבן ליגן אפן שניי. די בלינדע זײַנען צוריק געוואָרן זעעוודיק, די הינקעדיקע האָבן אויסגעגלײַכט די פיס, די קימפּעטאָרנס האָבן האַסטיק צעוויקלט די קלומקעס און אָנשטאָט זויגקינדער זײַנען דאָרט געלעגן גראַנאַטעס. א בלוטיק געפעכט האָט זיך צעשפּילט אַרום דער טליִע — א שלאַכט צווישן די איבערגעטאָ־נענע פּאַרטיזאַנער און דעם דײַטשישן אָטריאַד.

איוואַן טראָפּימאָוו איז צוגעשפּרונגען צום קאַסטן, אף וועלכן ס'איז געשטאַנען מיריעם גרינשטיין, און האָט זי אָפּגעטראָגן פון דער טליִע. דער האַמוין האָט זי אונטערגעכאַפּט אף די הענט, און מיריעם איז געשוווּמען איבער אַלעמענס קעפּ ווי א ניט פאַרכלעקטע פאָן. ס'איז געשען אַזוי גיך און אַזוי אומדערוואַרט, אַז מיריעם האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס קומט דאָ פאָר. געקומען איז זי צו זיך, ווען זי האָט דערהערט פאַרשטיקטע געשרייען פון מענטשן.

— ווער קרעכצט עס?

זי האָט זיך א ריס געטאָן צוריק.

— וווּהין? — האָט איוואַן טראָפּימאָוו זי אָפּגעשטעלט, — דאָס שרײַען די פאַרווונדעטע דײַטשן.

— די דײַטשן?!

דער דאָקטער מיריעם גרינשטיין, וואָס איז אין די גרעסטע פּרעסט בן זאוועררוכעס געלאָפן צו קראנקע, האָט איצט רויִק געשפּאנט פארביי א פארווונדעטע און טויטע דייטשן און דערביי געקוקט אף איוואנ ידאָפימאָווס פארבלוטיקטער האק ווי אף א כירורגישן לאנצעט, וואָס האָט באַזיגט דעם טויט.

אין דער זעלבער נאכט האָבן אלע איינוווינער פון דאָרף זיך איבערגעקליבן אין די בעלסקער וועלדער. באגינען איז אין פראָנינא געקומען א נייער דייטשישער אָטריאד, און צו האַלבן טאָג איז שוין דאָס גאנצע דאָרף געווען אין פלאמפייער. דער ווינט האָט פארטראָגן די וואָלקנס רויך טיף אין וואלד. די פראָנינער האָבן געקוקט אף די וואָלקנס. זיי האָבן געזוכט אין די שווימענדיקע וואָלקנס זייערע היי־זער, זייערע גערטנער, זייער ערד, אף וועלכער זיי זיינען געבוירן און געוואקסן.

בא א געדיכט צעצווייגטן בוים איז מיטן פּאָנעם צום אונטער־געצונדענעם דאָרף געשטאנען מיריעם גרינשטיין. לעבן איר איז גע־שטאנען איוואן טראָפימאָוו און געריי‌ניקט די ביקס. אין דער ווייט האָבן אפּן ליכטיקן שניי זיך געשווארצט די ביידלעך פון די פּאר־טיזאנער.

— צו טייער האָט איר באצאָלט פאר מיין לעבן. — האָט מיריעם זיך אָנגערופן צו טראָפימאָוון. — צוליב מיר זייט איר פארבליבן אָן א היים, אָן א דאך איבערן קאָפּ...

— מיר זיינען פראָנינער.

שטיל און פארצאָרנט האָט געררוישט דער וואלד. צווישן די צווייגן זיינען אלץ געשוווּמען און געשוווּמען וואָלקנס רויך, וואָס דער ווינט האָט געבראכט צו טראָגן פון פראָנינא. מיריעם האָט ניט אָפּגעריסן די אויגן פון טראָפימאָוון. אין יעדן פארביי‌גייענדיקן פּאר־טיזאן האָט זי געזען טראָפימאָוון. קיינמאָל זיינען איר נאָך ניט געווען אזוי נאָענט און טייער אָט די רוסישע מענטשן און אלץ, וואָס איז געוואקסן און געלעבט אף דער רוסישער ערד.

# קיבעד־אָוו

„פרעגסט מיכ, ליבער זונ, וואָס מאכ איכ עפעס אינ געזונט? וואָס זאָל איכ דיר שרײַבנ? ס'וואָלט אוואדע געמעגט זײַנ בעסער, נאָר גאָרניט, דאנקענ גאָט דערפאר, וואָרעמ ס'האָט געקאָנט זײַנ ערגער. א סאכ ערגער. דעמ עמעס געזאָגט, האָב איכ שוינ אליינ ניט געגלייבט, אז כ'וועל בלײַבנ לעבנ.

די מאמע האָט דיר שוינ עטלעכע מאָל געוואָלט אָנשרײַבנ וועגנ דעמ גרויסנ אומגליק, וואָס האָט מיכ געטראָפנ. נאָר כ'האָב זי אָפגעהאלטנ. כ'וואָלט דיר איצטער אויכ ניט געשריבנ וועגנ דעמ, נאָר אזוי ווי איכ האָפ דיכ אינגיכנ זענ בא זיכ אינ געסט, האָט שוינ מער קיינ זינ ניט מאכנ פונ דעמ א סאָד. בעקיצער, ליבער זאלמענ, איכ בינ, ניט פאר קיינ מענטשנ געדאכט, אפ דער עלטער געבליבנ אָנ פיס. שוינ דאָס אנדערע יאָר ווי איכ שלעפ זיכ אפ קוליעס. גאָכ א גרויס גליק, הערסטו, וואָס די מאמע איז דעמלט ניט געווענ אינ דער היימ, וואָרעמ די באָמבע האָט געטראָפנ פונקט אינ אונדזער שטוב. אײַ, זאלמענקע, ווענ דו וואָלסט א קוק געטאָנ, וואָס ס'איז געוואָרנ פונ אונדזער שטעטל! א שטיינ אפ א שטיינ האָבנ זיי ניט איבערגעלאָזנ. וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ, איינ מיסע-מעשונע איז פאר די דײַטשנ אוואדע ווייניק.

ווידער פרעגסטו מיכ, מײַנ ליבער זונ, ווי גייט מיר עפעס אינ דער פרעמדער שטאָט? דערווײַל קאָנ איכ זיכ ניט באקלאָגנ. א דירעלע האָבנ מיר א גאנצ ווילע. האָלצ אפ ווינטער האָט דער וואָיענקאָמאט אונדז ארײַנגעפירט גלײַכ אינ שטוב ארײַנ. פענסיע באקומ איכ. אפ דײַנ אטעסטאט קריגנ מיר אויכ, נו, אונ די מאמע זיצט דאָכ אויכ ניט מיט צונויפגעלייגטע הענט. זי ארבעט אפ א וואָיענעמ זאוואָד. וואָס טוט זי דאָרט? דאָס זאָגט זי מיר ניט. אונ כ'פרעג זי ניט. האָבנ מיר שוינ, הייסט עס, אינ דער מישפאָכע צוויי וואָיענע מענטשנ. דו אונ די מאמע. זי פארדינט גראדע ניט שלעכט. ווי דו זעסט, קאָנ איכ זיכ ניט באקלאָגנ. נאָר צו דיר, זאלמענקע,

האָב איך דאפקע גרויסע טײַנעס. ס'איז טאקע מילכאָמע, און דו ביסט, ווי מע רופט עס הײַנטיקע צײַטן, אַן אָפיצער פון פיר זוויאָז-דעס, נאָר אויסבאהאלטן פונעם טאטן, אַז דו ביסט שוין דרײַ מאָל געווען פארוווּנדעט, איז גאָר קיין יושער ניט. אײַ וואָס? וועסטו דאָך בא מיר פרעגן, פארוואָס האָב איך פון דיר געלייקנט? נו, דאָס, זעסטו, איז שוין גאָר עפּעס אנדערש. נאָר מיילע, וואָס געווען איז געווען. דעריקער איז דאָס, וואָס איך בין זויכע צו הערן, אַז דו ביסט שוין בעסער, און האָפּ, אַז ווי נאָר דו וועסט זיך אויסשרײַבן פון שפּיטאָל, וועסטו קומען צו טאטע-מאמע אין געסט. איך ווייס, זאלמענקע, אַז ווען דו ווילסט, וואָלסטו עס געווויס אויספירן. אדעראבע, זאָג אליין, צי האָב איך אפ דער עלטער ניט פארדינט בא דיר קיין קיבעד-אָוו?"

זינט אריע-לייב דער פעלצנמאכער האָט אָפּגעשיקט דעם זון דאָס דאָזיקע בריוול, איז שוין אדורך מער ווי א כוידעש, און פון זאלמענען איז אפילע קיין קארטל ניט געווען. אריע-לייב האָט שוין ניט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. איינס פון די ביידע: אָדער דאָס בריוול איז צו אים ניט דערגאנגען, אָדער ער איז שוין אין וועג, פאָרט אהיים צוגאסט, און עפּשער האָט כאָלילע עפּעס געטראָפן? גרינג צו זאָגן — דרײַ מאָל פארווונדעט.

ערשט אין א צײַט ארום באקומט אריע-לייב פונעם זון א בריוול, א בריוול ניט פון שפּיטאָל, ניט פון וועג, נאָר פון פראָנט גאָר.

„טײַערער טאטע, — האָט זאלמענען געשריבן אינעם בריוו, — ביסט עפּשער אוואדע געדערכט, אַז ס'איז ניט קיין יושער, וואָס כ'האָב פון דיר געלייקנט וועגן מײַנע ווונדן. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך בין געראָטן אינעם טאטן. דו האָסט געלייקנט פון מיר, ווײַל האָסט ניט געוואָלט מיר פארשאפן קיין ווייטעק, און צוליב דער זעלבער סיבע האָב איך געלייקנט פון דיר.

דו מאָנסט בא מיר, טאטע, קיבעד-אָוו. האָסט בא מיר אוואדע און אוואדע פארדינט גרויס קיבעד-אָוו. זאָג מיר אָבער, טאטע, וואָס פאר א קיבעד-אָוו קאָן זײַן מער אָנגעלייגט בא א פאָטער ווי דאָס, וואָס דער זון איז אפן פראָנט און שלאָגט די דײַטשן. מיר ווילט זיך זייער קומען צו דיר, אָבער ניט אין געסט אפ א פּאָר וואָכן, נאָר שוין מיט אלעמען. ווען? אָט דאָס, זעסטו, איז אָפּהענגיק אי פון מיר אי פון מײַנע כאווײרים אפן פראָנט, אי פון דער מאמען, וואָס ארבעט אפן זאוואָד, און אויך פון דיר, וואָרעם א גוט בריוול פון דער היים וואָרעמט שטארקער פונעם בעסטן פעלץ. פאר אונדז, מי-

ליטער-לײַט, איז א מונטערער בריוו פון דער היים זייער א גרויסע זאך".

— נו, דווירע, וואָס זאָגסטו דערויף? — האָט אריע-לייב זיך אָנגערופן צום ווײַב. — איצט פארשטייסטו, וואָס איז אזוינס קיבעד-אָוו? אזא יאָר אפ מיר, ווי ער איז גערעכט. נו, און דאָס, וואָס ער שרײַבט, אז א בריוו פון דער היים וואַרעמט בעסער ווי א פעלץ, דאָס איז סטאם אזוי גערעדט. א בריוו איז זיך א בריוו, און א פעלץ איז א פעלץ. איך, אז איך פלעג עמעצן אופנייען א פעלץ, האָט מען אין די גרעסטע פרעסט ניט געדארפט אָנקומען צו מאשקע. ס'איז געווען גענוג הייס אָן א שנאפס. געדענקסט, דווירע?

אין עטלעכע טעג ארום זײַנען ביידע צימערלעך פון אריע-לייבס וווינונג פארוואנדלט געוואָרן אין א קליינ וואַרשטאטל. בא די אנטליִענע ניי-מאשינעס האָבן כוץ אריע-לייבן געארבעט עטלעכע עלטערע פרויען. לאנג אײַנריידן די ווײַבער, זיי זאָלן זיך זעצן צו דער ארבעט, איז אריע-לייבן ניט אויסגעקומען.

— איר ווילט, אז אײַערע קינדער אפן פראָנט זאָל זײַן קאלט צי ווארעם? — האָט ער בא זיי געפרעגט און דערבײַ אליין געענטפערט:

— כ'גלייב ניט, ס'זאָל זיך געפינען א מאמע, וואָס זאָל וועלן, אז איר קינד זאָל זײַן קאלט.

יעדע וואָך האָט אריע-לייב ארויסגעלאָזן פון זײַן וואַרשטאטל עטלעכע פעלצלעך פארן פראָנט. אין קעשענע פון יעדן פעלצל האָט ער ארײַנגעלייגט א קורץ בריוול. אינעם בריוול איז געשטאנען:

„אָט דאָס פעלצל האָט גענייט אריע-לייב מיראווסקי (און ווײַטער זײַנען געווען אויסגערעכנט די פאמיליע־נעמען פון די עטלעכע עלטערע פרויען). טראָג עס געזונטערהייט. אפן פראָנט האָב איך א זון, א קאפיטאן. ער איז שוין דאָס דריטע יאָר אפ דער מילכאָמע. ער וויל זייער קומען צו דעם אלטן טאטן זײַנעם אהיים, נאָר דאָס, שרײַבט ער, איז געווענדט ניט פון אים אליין. עס איז אָפּהענגיק, זאָגט ער, אויך פון דיר, כאַווער רויטארמייער, בעט איך דיך טאקע, זאָלסט אלץ טאָן, אז מע זאָל מאכן א גיכן סאָף מיטן דײַטש, קעדיי דער זון מײַנער זאָל וואָס גיכער קומען צו מיר, ווי דאָס טוט מײַן זון פונדעסטוועגן, אז דו זאָלסט וואָס גיכער זיך אומקערן צו דײַן טאטע-מאמע, צו דײַן ווײַב און קינד".

## ערעוו יאָמטעוו

מירל לעווין, באַרעכס עלטערע טאָכטער, איז נאָרוואָס געקומען פון דער ארבעט. ס'איז נאָך געווען ווײַט צו האלבער נאכט. נאָר אין שטוב האָט זי שוין אלעמען געטראָפן אין די געלעגערס. מיד פון א טאָג שווערער ארבעט, איז מען פרי אײַנגעשלאָפן.

זיך אפגיך אײַנגעוואשן, אָפּגעגעסן וועטשערע, האָט מירל זיך אויך געקליבן שלאָפן, און פלוצעם האָט זי ניט מיט איר קאָל אויס־געשריִען:

— מא־טע!

פון איר געשריי האָט זיך אפילע אופגעכאפט דאָס דרײַ־יאָריקע קינד אירס, וואָס איז געשלאָפן אינעם אנדערן ביידער.

די שטוביקע זײַנען דערשראָקן אופגעשפרונגען פון די געלעגערס און ניט געוווסט וווהין זיך פריִער ווארפן.

— גיכער א ביסל. הערסט, טאטע!

— צו מײַנע סאָנימס קעפּ, געהערט א געשריי. מיר האָבן דאָך געמיינט, כ'ווייס אליינ ניט וואָס, — האָט באַרעכ זיך אָנגעבייזערט אפ דער טאָכטער, וואָס איז געשטאנען באם אײַנגעשלאָסענעם ראדיִאָ־רופּאָר און ניט געלאָזט קיינעם קיין וואָרט אויסריידן.

— שטילער, שטילער, איר הערט?

„אפן שלאכט־פעלד האָט דער סוינע איבערגעלאָזט העכער פערצן טויזנט געהארגעטע סאָלדאטן און אָפיצערן. דער אָנגריף פון אונ־דזער ארמיי ווערט פאָרגעזעצט".

— נו, טאטע?

— איר וועט זיך וועג־ניט־איז בארויִקן? — האָט באַרעכ צו אלע־מען אויסגעשריִען, — שא. דאכט זיך, מע גיט נאָכאמאָל איבער די „לעצטע שאָ".

ווען דער דיקטאָר זאָל געווען איבערכאזערן די לעצטע נײַס וועגן סטאלינגראד ביזן ווײַסן טאָג ארײַן, וואָלט באַרעכ לעווין מיט זײַן גאנצן הויזגעזינד אָפּגעשטאנ'ען באַ דער ראדיִאָ א גאנצע נאכט

און ס'וואָלט זיי ניט נימעס געוואָרן הערן איינע און די זעלבע נייס אפילע הונדערט מאָל נאָכאנאנד. אזא בסורע!

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האלבער נאכט, נאָר קיינער האָט מער ניט געטראכט פון זיך לייגן צוריק שלאָפן.

— מאזלטאָוו דיר, כאנע! מאזלטאָוו אייך, קינדער. מאזלטאָוו, אין א גוטער מאזלדיקער שאָ. אונדזער היים, אונדזער סטאלינגראד איז...

— ווען ראכמיִעל מיט שיקען זאָלן עס געווען דערלעבן צו אָט דער גרויסער בסורע.

דאָס מאָל האָט באָרעך לעווין זיך ניט געבייזערט אפן ווייב, ניט געשטערט איר זיך אויסוויינען אפן גרויסן בראָך, וואָס עס האָט זיי געטראָפן. אין איינע כוידעש זיינען אין סטאלינגראד אומגעקומען דער עלטערער זון ראכמיִעל און דער איידעם, מירלס מאן, שיקע.

— פארוואָס ווילסטו ניט פארשטיין, — האָט ער ווי שטענדיק זי גענומען טרייסטן, — אז מיר זיינען איצט ניט איינע. ס'איז מילכאָמע, אָן קאָרבאָנעס, כאנע, וועט מען דעם דייטש ניט איינברעכן, — און באָרעך האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פאָנעם צו דער וואנט, מע זאָל ניט זען, ווי בא אים ציטערן די וויִעס.

עטלעכע און צוואנציק אָר האָט באָרעך לעווין אָפגעוווינט אין סטאלינגראד. ביז דער מילכאָמע האָט ער גאָר קיינמאָל ניט געפילט, ווי צוגעבונדן ער איז צו דער שטאָט, ס'איז אים גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאלן, אז מע קאָן בענקען נאָך א שטאָט, ווי מע בענקט נאָך אן אייגן קינד, ווי מע בענקט נאָך א בעניאָכיד.

— פאר מיינע אויגן איז זי אויסגעוואקסן, די שטאָט, — האָט ער גערעדט צו זיך, — דאָרט זיינען געבוירן מיינע קינדער. דאָרט האָב איך כאסענע געמאכט די טאָכטער, דערלעבט אן אייניקל. אזא שטאָט, אזא קראך, און פאר איין כוידעש איז אלץ אוועק מיטן פייער, אָפגעווישט געוואָרן פון דער ערד. וויפל יאָר דארף מען עס האָבן אפ אופשטעלן אזא שטאָט! ניט איך, ניט מיינע קינדער וועלן שוין דערצו דערלעבן. עפשער דאָס אייניקל. כאָטש ווער קאָן וויסן. באלד מיר האָבן פאר אזא קורצער צייט געקאָנט ארויסטרייבן דעם דייטש, איז וואָס פאר א מאמאָשעס קאָן האָבן בא אונדז אופשטעלן א שטאָט. דער אומגליק איז נאָר, וואָס סטאלינגראד איז ניט קיין בעניאָכיד. אזויפיל שטעט אומגעבראכט, אזא כורבן אָנגעמאכט. אזויפיל קאָרבאָנעס...

באָרעך קוקט אפּן ווײַב מיט די קינדער, וואָס שטייען נאָך אַלץ באַם ראַדיאָ-רופּאָר. די פּנעמער בא אַלעמען שײַנען, און אין די אויגן טרערן. ער באַטראַכט די ווענט פון דער שטוב, ווו ער ווינט ערשט די דריטע וואָך. אַפּ יעדער קלייניקייט, וואָס געפינט זיך דאָ אין הויז, ליגט אַ זייכער פון סטאַלינגראַד. די קאָלדרעס אַפּ די בעטן, דער טישטעך אַפּן טיש, די האַנטעכער און בגאָדים, אַפּילע די מאַל-בושימלעך פון זײַן דרײַ-יאָריק אייניקל זײַנען אויך צעריסן און צע-לעכערט פון די שפּליטערס. און וויפל מאָל איז ער מיט דער מיש-פּאָכע שוין געווען אַפּ אַ האָר פון טויט. מע האָט זיי שוין איין-מאָל געהאַט אַרויסגעגראָבן פון דער באַהעלטעניש. האַלב טויטע זײַ-נען זיי געווען.

— פּערצן טויזנט, אַ? — האָט באָרעך נאָך אַלץ גערעדט מיט זיך אַליין, — פּערצן טויזנט. ס'איז ערשט אַן אַדערופּ. אַ גוטער אַדערופּ פאַר אונדזער בלוט.

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש:

— גענוג וויינען, כיענע, גענוג! הײַנט איז בא אונדז יאָמטעוו. פרייען דאַרפן מיר זיך, כיענע, אַז מיר האָבן דערלעבט הערן אַזאַ בסורע.

אין שטוב איז מיטאַמאָל געוואָרן טומלדיקער ווי באַגינען, ווען אַלע קלײַבן זיך אַפּ דער אַרבעט. מער פון אַלעמען האָט געטומלט ס'אייניקל. דאָס קינד איז איבערגעגאַנגען פון הענט צו הענט, און ווי נאָר עמעצער האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „סטאַלינגראַד" — האָט דאָס קינד אַ פּאַטש געטאָן מיט די פּוקקע הענטלעך און געשריען — „טאַ-טע!". „סטאַלינגראַד!" און „טאַטע" איז בא אים געווען איין באַגריף, פּונקט ווי בא באָרעכן „זון" און „ראַכמיעל", ווי בא מיר-לען „שיקע" און „דער מאַן".

באָרעך לעווינס אויסגעגלײַכטע אַקסלען, דער הויך אויפגעהויי-בענער קאָפּ, זײַן גאַנצער אויסזען האָט אין אָ-דער רעגע געהאַט איין באַטײַט: מיט בלוט פון מײַן זון און מײַן איידעם איז אויסגעווייקט די ערד פון מײַן היימשטאָט. צוויי זין שלאָגן זיך מיטן סוינע הינטער אָריאָל און כאַרקאָוו. איין טאָכטער שלאָגט זיך אַפּ קובאַן.

און ער, באָרעך, מיט די איבעריקע טעכטער? אין סטאַלינגראַד האָט ער געאַרבעט אַפּן טראַקטאָר-זאַוואָד, און איצט אַרבעט ער און די טעכטער זײַנע אַפּ אַ מיליטערישן זאַוואָד אין דער ווײַטער כיבי-רער שטאָט אַפּן ברעג פון יעניסיי.

די קינדער האָבן ניט דערקאָנט דעם טאַטן. ער איז פאַר אָט די עטלעכע שאָ געוואָרן ייִנגער, העכער.

באָרעכ האָט אָפּגעריסנ פונעמ קאַלענדאַר דאָס בלעטל פונעמ הײַנטיקנ טאָג, האָט עס אװעקגעלײגט אױבנאָנ אפנ טיש, זיכ א רעגע פארטראַכט אונ זיכ אָנגערופנ:

— הײַנט איז בא אונדז יאָמטעװ. יעדעס יאָר אינ דעמ טאָג װעלנ מיר פּראװענ א סודע. דאָס װעט זײַנ אונדזער סטאַלינ־גראַדער סודע. יעדע שטאָט אונ יעדעס דערפל, װו ס'איז נאָר געװענ דער דײַטש, װעלנ זיכ האָבנ זײערע יאָמטעװ־טעג, אונ אז מיר װעלנ ענדיקנ די מילכאָמע, װעלנ מיר פּראװענ א סודע, װאָס די װעלט האָט נאָכ ניט געזענ. פארגעדענקט, קינדער, דעמ הײַנטיקנ טאָג. — אונ באָרעכ לעװינ האָט באהאלטנ דאָס קאלענדאר־בלעטל צװישנ די פאָטאָגראַפיעס פונ זײַנ זונ ראַכמיִעל אונ דעמ אײדעמ שיקע, װאָס זײַנענ געפאלנ אינ שלאַכט, אפ די גאסנ פונ זײַנ הײמשטאָט — סטאַלינגראַד.

# דער קלעזמער

— דאכט זיכ, א פינסקער?

— א פינסקער.

— שויעל?

— שויעל. פונוואנענ קענט איר מיכ?

דער הויכער ייִד אינעמ פארשמאָלצענעמ וואטאָווענ לײַבל אונ אויסגעקרימטע וואָליקעס האָט מיכ גאנצ לאנג באטראכט מיט זײַנע קליינע באוועגלעכע אויגנ אונ דערבײַ געהאלטנ אינ איינ הייבנ די אקסלענ אונ דרייענ מיטנ קאָפּ, ווי ער וואָלט פונ זיכ אָפּגעטריבנ פליגנ.

— אָסער אויב איכ הייב אײַכ אָנ צו געדענקענ, עפּעס זײַט איר מיר אי יאָ קענטלעכ, אי ניט קענטלעכ. כ׳ווייס? אונ עפּשער האָב איכ א טאָעס. מענטשנ האָבנ זיכ באָרעכהאשעמ פאר דער צײַט גענוג געענדערט. גרוי אונ אלט איז מענ געוואָרנ. בעקיצער, לאָמיר שוינ הערנ, פאניע, פונוואנענ קענט איר מיכ?

נאָר דאָ האָבנ זיכ ברייט אנ עפנ געטאָנ די טירנ פונ דעפּאָ, אונ מיט א שווערנ סאָפּענ האָט זיכ אהער ארײַנגערוקט א לאָקאָמאָטיוו. שויעל איז באלד פארשוווּנדנ אינ די געדיכטע קנוילנ דאמפּ, וואָס האָבנ אָנגעפּילט דעמ גרויסנ אונ ליכטיקנ דעפּאָ-קאָרפּוס. ערשט אינ א צײַט ארומ האָב איכ אימ געטראָפנ באמ עלעקטרישנ הייבקראנ. דער ארײַנגעפאָרענער לאָקאָמאָטיוו איז שוינ געשטאנענ אפּנ אָפּגעזונדערטנ קרײַז, וואָס איז ענלעכ צו א צירק-ארענע. שויעל האָט א דריי געטאָנ דאָס הענטל פונעמ הייב-קראנ, האָט זיכ א דריי געטאָנ די „ארענע" אונ צוזאמענ מיט איר דער לאָקאָמאָטיוו.

— שימשנ האגיבער, א? — האָט ער מיט גאדלעס א זאָג געטאָנ צו מיר, — איר מיינט, ס׳איז א סאכ שווערער ווי זעצנ אינ פּויק? — אונ ער איז ווידעראמאָל פארשוווּנדנ צווישנ די געדיכט צעשטעלטע לאָקאָמאָטיוונ. ער האָט זיכ געטראָגנ איבערנ דעפּאָ מיט אזא גיכקײַט, גלײַכ ער וואָלט בא די לאָקאָמאָטיוונ געיארשנט זייער שנעלקײַט.

צי דען איז עס טאקע ער, שויעל „די פויק“? דער זעלבער שויעל, וואָס איז אין פּינסק און אין די אַרומיקע שטעטלעך געווען פול אַפ אַלע סימכעס. די נעשאָמע פון דער קאַפּעליע איז ער געווען. געשפּילט אַפ אַלע אינסטרומענטן. און דעריקער אַפן פויק. ווי נאָר ער האָט די מעכוטאָנים און כאָסן־קאַלע אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו, האָט ער זיך גלײַך גענומען צו דער אַרבעט. א טעווע האָט שויעל געהאַט: דעם קאָפּ אָנשפּאַרן אַפן אונטערגעהויבענעם אַקסל, איינס אויג אײַנגאַנצן פאַרמאַכן, דאָס אַנדערע עטוואָס צעעפענען — מע זאָל כאָלילע ניט מיינען, אַז ער שלאָפט,—און מיט א מינע, גלײַך ווי גאָר ניט ער, נאָר עמעצער אַנדערש, זעצן אין פויק, אַז די שויבן פלעגן ציטערן.

— רעב שויעל, — האָט מען זיך בא אים געבעטן, — עפּשער קאָן מען א קאַפּעטשקעלע שטילער. פאַר איינע נאַכט ווילט איר אונדז אַלעמען מאַכן טויב.

און שויעל — גלײַך ווי ניט אים מיינט מען עס.

— שטילער, זאָגט איר? באַלד איר זײַט א באַלן אַפ א שטילער כאַסענע, איז דופט מען ניט שויעלן מיט זײַן קאַפּעליע. געהערט אַמאָל, אַז אַפ א כאַסענע זאָל זײַן שטיל. דאָרטן, ווו ס'איז שויעל — טאָר ניט זײַן שטיל, אַזוי האָט אָנגעשריבן אין דער צאַוואָע מײַן עלטער־זיידע, אָלעוו־האַשאָלעם. ער האָט אויך געהייסן שויעל.

— איז פונוואַנען קענט איר מיך פאַניע? — האָב איך ווידער דערהערט הינטער זיך זײַן שווער הייזעריק קאָל.

— איך בין א פּאָר מאָל געווען אין אײַערע קאַנטן און האָב אײַך געהערט שפּילן אַפ א כאַסענע.

— בא וועמען, אַשטייגער?

— בא דעם לערער פּאַפּעש.

— בא ייִסראָעל פּאַפּעשן, אָלעוו־האַשאָלעם?

— ס'הייסט אָלעוו־האַשאָלעם?

— אָלעוו־האַשאָלעם, הײַנטיקע צײַטן, איז בא אײַך אויך א נאָווענע? ייִסראָעל דער לערער האָט זיך באַהאַלטן אַפן אַלטן בייסוילעם און פאַרשפּאַרט כעוורע־קאַדישע א טירכע. יאַנקלען דעם פידלער האָט די באָמבע גראָד געטראָפן אין דער היים, נו, איז דער באַדמינען טאַקע נאָכדעם עטלעכע טעג אָפּגעלעגן אין בעט. מע האָט דען געקאָנט באַווײַזן אַלעמען ברענגען צו קווורע? טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג האָבן זיי געוואָרפן באָמבעס, וואַרפן זאָל זיי, די דײַטשן, אין א קאַדאָכעס.

ער האָט א הייב געטאָן מיט די אקסלען און ארויסגעלאָזן א שווערן זיפץ.

— איין באיס אשער איין שאָם מעס — אזויפיל הארוגים!

— און ווי קומט איר אהער? — האָב איך בא אים געפרעגט.

— ס׳א סאך צו דערציילן. איינס דארף איך אייך זאָגן, אז ווען ניט די סאָוועטסקע ראסייע, וואָלט איין אונדזערע קאנטן, נאָך פאר דריי־יאָרן, ניט געבליבן קיין איין ייד. זיי וואָלטן מיט אונדז געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן מיט אונדזערע יידן געטאָן אין ווארשע. איר מיינט, די וועלט ווייסט עס ניט?

ער האָט א הייב געטאָן מיט די אקסלען און מיך צוגעפירט צו איינעם פון די ליכטיקע פענצטער. אפן וואנט צווישן צווי פענצטער זיינען געהאנגען פאָטאָגראפיעס פון עטלעכע ארבעטער. צווישן זיי אויך שויעלס פאָטאָגראפיע. אונטערן בילד איז געווען אָנגעשריבן: „דער עוואקוירטער פינסקער קלעזמער, שויעל פרעסמאן — איינער פון די בעסטע ארבעטער אין דעפאָ״.

— צוליב וואָס האָט מען עס געדארפט אָנשרייבן „קלעזמער״?

— ס׳הייסט צוליב וואָס? — האָט מיך שויעל איבערגעשלאָגן, — וואָס דען בין איך? איר מיינט, אז שויעל איז שוין אויס קלעזמער? ציים קרענקט דער דייטש. ווערט איר מיך דאָך פרעגן — באלד אזוי, איז וואָס פאר א מעכותן בין איך מיטן דעפאָ? און וואָס האָט איר געוואָלט? כ׳זאָל זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט און ווארטן אפ דער שימכע. כ׳וואָלט זייער שיין אויסגעזען פאר דער וועלט. די סאָוועטסקע וולאסט האָט בא אונדז, יידן, ביפראט בא אונדז, זאפאדניקעס, פאָרדינט, מיר זאָלן ארבעטן צוואנציק שאָ אין מעסלעס. און וואָס באשטייט דאָ מיין ארבעט? צוגרייטן די לאָקאָמאָטיוון צום רעמאָנט און נאָכדעם זיי ארויסבאגלייטן אין ווען אריין. הערט איר, ווען איך שטיי אפ די רעלסן, גיט זיך מיר אויס, אז איך שטיי נעענטער צו דער היים. אוי, די היים!..

ער האָט אופגעהויבן אפ מיר זיינע קליינע באוועגלעכע אויגן און געזאָגט מיט אימפעט:

— שויעל איז געווען א קלעזמער און געבליבן א קלעזמער. שויעל האָט געשפילט און וועט שפילן. דער כאווער סטאלין און־דזערער, זאָל לעבן, האָט געזאָגט, אז ס׳גייט צו יאָמטעוו, און באלד עס גייט צו יאָמטעוו — דארף א קלעזמער געדענקען, אז ער איז א קלעזמער. איך וועל נאָך שפילן, אז די שטיינער פונעם ברוק וועלן טאנצן. בא אונדז, יידן, האָט מען געשפילט נאָר אפ כאסענעס, און

כעוורע קלעזמאָרימ מיט כעוורע באגרעבער זײַנענ צווישנ זיכ געווענ ווײַט ווי הימל פונ ערד. אונ טאקע, וואָס פארא מעכוטאָנימ קאָנענ צווישנ זיכ זײַנ קלעזמאָרימ אונ קאבראָנימ. איצט אָבער זײַנענ מיר אינ איינ קאפעלע. וואָרעמ ווו נאָר מע וועט באגראָבנ א דײַטש, דאָרטנ וועט זײַנ א קלעזמער, אונ איכ אליינ האָפ נאָכ שפּילנ אונ טאנצנ אפ היטלערס סוואלקע. צופּ׳ס, אויב ס׳וועט אויסקומענ, וועל איכ זיכ דערקלײַבנ, צו זײַנ לעווײַע. אונ אויב דעמ פּייגער וועט מענ באגראָבנ אינ דער זאגראניצע, וועל איכ די גרענעצ גאנווענענ, נאָר אפ זײַנ פּעגירע מוז איכ זײַנ מיט מײַנ פּויק. איר הערט, איכ מוז מיט מײַנ פּויק נאָכ זײַנ אינ בערלינ. איכ מוז זײַנ אינ בערלינ!

# אינהאלט



---

С. ГОРДОН

В ДНИ ВОЙНЫ


Редактор *А. Фрумкин*. Художник *Г. Ингер*. Техредактор *А. Кантор*.

А-02213. Сдано в производство 7/XII-45 г. Подписано к печати 13/VIII-46 г. П. л. 11. Уч.-изд. л. 8,6. Формат 84x108 1/32. Т. зн. в. л. 33.400. Тир. 10.000. Заказ 2649.

13-ая типография треста „Полиграфкнига" ОГИЗ'а при Совете Министров РСФСР. Москва, Денисовский пер., д. 30.